# Shir Haplugot

# שִׁיר הַפְּלוּגוֹת

הַמִּלִּים: ד. זְרֻבָּבֶל – הַמַּנְגִּינָה: ד. זְהָבִי

TEMPO DI MARCIA

MI – SA – VIV YE – HOM HA – SA – AR ACH RO – SHE – NU LO YI –
SHACH LAP – KU – DA TA – MID A – NACH – NU A – NU A – NU
HA – HOL – CHIM BA – SACH MI – ME – TU – LA AD HA – NE – GEV
TIV LA – NE – SHER BA – SHA – MA – YIM
MIN HA – YAM AD HA – MID – BAR KOL BA – CHUR VA – TOV LA – NE – SHEK
SHVIL LA – PE – RE BEN HA – RIM MUL O – YEV DAR – KE – NU YA – AL
KOL BA – CHUR AL HA – MISH – MAR NA – RIM RI – SHO –
BEIN NIK – ROT U – VEIN TZU –
NIM TA – MID A – NACH – NU LE – OR HA – YOM U –
VA – MACH – SHACH LIF – KU – DA TA – MID A – NACH – NU TA – MID A – NU
HA – HOL – CHIM BA – SACH

Misaviv yehom hasaar,
Ach rosheinu lo yishach;
Lapkuda tamid anachnu,
Anu haholchim basach!

מִסָּבִיב יֶהֱם הַסַּעַר,
אַךְ רֹאשֵׁנוּ לֹא יִשַּׁח;
לַפְּקוּדָה תָּמִיד אֲנַחְנוּ,
אָנוּ הַהוֹלְכִים בַּסָּךְ!

MiMetula ad haNegev,
Min hayam ad hamidbar —
Kol bachur vatov laneshek,
Kol bachur—al hamishmar!

מִמְּטוּלָה עַד הַנֶּגֶב,
מִן הַיָּם עַד הַמִּדְבָּר –
כָּל בָּחוּר וָטוֹב – לַנֶּשֶׁק,
כָּל בָּחוּר – עַל הַמִּשְׁמָר!

Nativ lanesher bashamayim,
Shvil lapere bein harim,
Mul oyeiv darkeinu yaal,
Bein nekarot uvein tzurim.

נָתִיב לַנֶּשֶׁר בַּשָּׁמַיִם,
שְׁבִיל לַפֶּרֶא בֵּין הָרִים,
מוּל אוֹיֵב דַּרְכֵּנוּ יַעַל,
בֵּין נְקָרוֹת וּבֵין צוּרִים.

## Shir Haplugot

## שִׁיר הַפְּלוּגוֹת

(המשך)

Rishonim tamid anachnu,
Leor hayom uvamachashach,
Lapkuda tamid anachnu,
Anu haholchim basach.

רִאשׁוֹנִים – תָּמִיד אֲנַחְנוּ,
לָאוֹר. הַיּוֹם וּבַמַּחֲשָׁךְ,
לַפְּקוּדָה תָּמִיד אֲנַחְנוּ
אָנוּ – הַהוֹלְכִים בַּסָּךְ.

## Hava Netze B'Machol

## הָבָה נֵצֵא בְּמָחוֹל




Hava netze bamachol }
Hava netze bimcholot } 4
Yalel }
Yaleli (3) } 2

הָבָה נֵצֵא בְּמָחוֹל }
הָבָה נֵצֵא בִּמְחוֹלוֹת } 4
יַלֵל }
יַלְלִי (3) } 2

# Se Ugdi

# שֶׂה וּגְדִי

הַמִּלִּים וְהַמַּנְגִּינָה: מ. וִינֶר

ANDANTE CON MOTO

SE UG--DI GDI VA-SE YACH-DAV YA-TZU EL HA-SA-DE
IM TZO-HO-RA-YIM EL MA-YAN RA-TZU LIS-TOT MA-YIM E-
CHAD LA-VAN SHEI-NI SHCHAR-CHAR IM TAL-TA-LEI OZ-NA-YIM
PA-A-MO-NIM ME-TZAL-TZE-LIM AL TZA-VA-REI A-DA-YIM
EL — HA — MA — YAN RA-TZU A- DA- RIM
RIT.
EL — HA — MA — YAN RA- TZU A- DA- RIM

Se ugdi, g'di vase, yachdav
yatzu el hasade.
Im tzohorayim el mayan ratzu
lishtot mayim.
Echad lavan, sheini sh'charchar,
im taltalei oznayim,
Paamonim m'tzaltzelim al
tzavarei adayim.
El hamayan ratzu adarim. (2)

Yashvu laaretz haroim rega
kat lanuach,
Pat bashemen toamim v'zahav
tapuach,
Utzu rutzu shovavim, hasimcha
ko terev,
Habaita od m'at shavim, hinei
ba haerev
Li, li, li—ranen chalili. (2)

שֶׂה וּגְדִי, גְּדִי וָשֶׂה, יַחְדָּיו יָצְאוּ
אֶל הַשָּׂדֶה.
עִם צָהֳרַיִם אֶל מַעְיָן רָצוּ לִשְׁתּוֹת
מַיִם,
אֶחָד לָבָן, שֵׁנִי שְׁחַרְחַר, עִם
תַּלְתַּלֵּי אָזְנַיִם
פַּעֲמוֹנִים מְצַלְצְלִים עַל צַוְּארֵי עֲדָיִים.
אֶל הַמַּעְיָן רָצוּ עֲדָרִים. (2)

יָשְׁבוּ לָאָרֶץ הָרוֹעִים, רֶגַע קַט לָנוּחַ,
פַּת בַּשֶּׁמֶן טוֹעֲמִים וְזָהָב תַּפּוּחַ,
אוּצוּ רוּצוּ, שׁוֹבָבִים, הַשִּׂמְחָה
כֹּה תֶּרֶב,
הַבַּיְתָה עוֹד מְעַט שָׁבִים, הִנֵּה בָּא
הָעֶרֶב.
לִי, לִי, לִי – רַנֵּן חֲלִילִי. (2)

# Vehitifu Heharim וְהִטִּיפוּ הֶהָרִים

הַמִּלִּים: עָמוֹס ט״־י״ג – הַמַּנְגִּינָה: ד. זָהָבִי




Vehitifu vehitifu } 2
Heharim asis
Vechol hagvaot titmogagna

וְהִטִּיפוּ וְהִטִּיפוּ } 2
הֶהָרִים עָסִיס
וְכָל הַגְּבָעוֹת תִּתְמוֹגַגְנָה.

# David Melech Yisrael דָּוִד מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל

הַמַּנְגִּינָה: מ. זְעִירָא




David melech Israel
Chai vekayam

דָּוִד מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל חַי וְקַיָּם.

# Shir Sameach     שִׁיר שָׂמֵחַ

הַמִּלִּים: י. אוֹרְלַנְד – הַמַּנְגִּינָה: מ. זְעִירָא

CHASIDIC

IM GAM RO-SHEI— NU SHACH —— VE-E-TZEV SO— VE-VA-NU—

HA-VA VE-NIT— LA-KACH— MIN HA-SIM-CHA-SHE-BA-NU

AI AI HA-VA VE-NIT-MA-LEI SIM-CHA SIM-CHA KIM-LO HA-A-YIN

AI AI SHI-RU A-LEI A-LEI A-LEI UV-AR HA-YA-YIN

A-LEI UV-AR— HA-YA-YIN AH—— YAM BAM BAM

YAM BAM BAM BAM YAM BAM BAM BAM YAM BAM BAM BAM BAM

BAM etc.

| | |
|---|---|
| Im gam roshenu shach | אִם גַּם רֹאשֵׁנוּ שַׁח |
| Ve-etzev sovevanu | וְעֶצֶב סוֹבְבָנוּ |
| Hava venitlakeach | הָבָה וְנִתְלַקֵּחַ |
| Min hasimcha shebanu, | מִן הַשִּׂמְחָה שֶׁבָּנוּ. |
| Hay, hay . . . | הַי, הַי . . . . . |
| Hava venitmalei | הָבָה וְנִתְמַלֵּא |
| Simcha bimlo ha-a-yin, | שִׂמְחָה בִּמְלֹא הָעַיִן, |
| Shiru: aley, aley | שִׁירוּ: עֲלֵה, עֲלֵה, |
| Alei uv'er ha-ya-yin. | עֲלֵה וּבְעַר, הַיַּיִן. |
| Hay, bam . . . | הַי, בַּם . . . . . |
| Alei uv'er kaesh | עֲלֵה וּבְעַר כָּאֵשׁ |
| Vehadlikeinu koach | וְהַדְלִיקֵנוּ כֹּחַ. |
| Avoi lemityaesh | אֲבוֹי לְמִתְיָאֵשׁ, |
| Halayla yesh lismoach. | הַלַּיְלָה יֵשׁ לִשְׂמוֹחַ. |
| Hay, hay . . . | הַי, הַי . . . . . |

(המשך)

הַלַּיְלָה יִגָּאֵל
רַק מִי שֶׁנִּשְׂמַח בּוֹ.
כָּל אִישׁ בְּיִשְׂרָאֵל
נִיצוֹץ שֶׁל נֶחָמָה בּוֹ.
הַי, הַי, בַּם . . . . .

Halaila yigal
Rak mi shenismach bo
Kol ish beIsrael
Nitzotz shel nechama bo,
Ha, hai, bam . . .

## Eretz Zavat Chalav — אֶרֶץ זָבַת חָלָב

מִלִּים: שְׁמוֹת ג׳ – מַנְגִּינָה יִשְׂרְאֵלִית

אֶרֶץ זָבַת חָלָב וּדְבָשׁ.

Eretz zavat chalav
Chalav udevash } 4
Eretz zavat chalav
Zavat chalav udevash } 2

# Haflei Vafele

# הַפְלֵא וָפֶלֶא

הַמִּלִּים: י. ד. קַמְזוֹן – הַמַּנְגִּינָה: י. אַדְמוֹן גּוֹרוֹכוֹב

| | |
|---|---|
| Umoshe hika al tzur | וּמֹשֶׁה הִכָּה עַל צוּר |
| Bamate hika al sela | בַּמַּטֶּה הִכָּה עַל סֶלַע, |
| Bamate hika al sela | בַּמַּטֶּה הִכָּה עַל סֶלַע, |
| Vayetzu mimenu mayim | וַיֵּצְאוּ מִמֶּנּוּ מַיִם. |
| Haflei vafele, amen selah. | הַפְלֵא וָפֶלֶא, אָמֵן סֶלָה. |
| | |
| Umoshe hevi g'di | וּמֹשֶׁה הֵבִיא גְּדִי |
| Vaynikeihu dvash misela | וַיְנִיקֵהוּ דְּבַשׁ מִסֶּלַע. |
| Vayhi kolo kemayan | וַיְהִי קוֹלוֹ כְּמַעְיָן |
| Zach vetzalul kamayim | זַךְ וְצָלוּל כַּמַּיִם. |
| Haflei vafele amen selah. | הַפְלֵא וָפֶלֶא, אָמֵן סֶלָה. |
| | |
| Vekarnayim tzamchu lagdi, | וְקַרְנַיִם צָמְחוּ לַגְּדִי, |
| Karnei tzur karnei selah, | קַרְנֵי צוּר, קַרְנֵי סֶלַע, |
| Uz'eivim shivim nagach ban | וּזְאֵבִים שִׁבְעִים נָגַח בָּן |
| Ve-avar ba-eish bamayim | וְעָבַר בָּאֵשׁ, בַּמַּיִם, |
| Haflei vafele, amen selah. | הַפְלֵא וָפֶלֶא, אָמֵן סֶלָה. |

# Orcha Bamidbar — אוֹרְחָה בַּמִּדְבָּר

הַמִּלִּים: יַעֲקֹב פִיכְמַן – הַמַּנְגִּינָה: ד. זְהָבִי




Yamin usmol, rak chol vechol,
Yatzhiv midbar lelo mishol
Orcha ovra, dumam na-ah,
Kidemut chalom sham mufla-ah.

Utzlil o-le yored katzuv
G'malim posim benof atzuv.

Din dan, din dan!
ze shir hanedod!
Shatok uset, tafof utzeod.

יָמִין וּשְׂמֹאל, רַק חוֹל וָחוֹל,
יַצְהִיב מִדְבָּר לְלֹא מִשְׁעוֹל.
אוֹרְחָה עוֹבְרָה, דוּמָם נָעָה,
כִּדְמוּת חֲלוֹם שָׁם מוּפְלָאָה.

וּצְלִיל עוֹלֶה יוֹרֵד קָצוּב
גְּמַלִּים פּוֹסְעִים בְּנוֹף עָצוּב,

דִּין דָּן, דִּין דָּן! זֶה שִׁיר הַנְּדוֹד!
שָׁתֹק וּשְׂאֵת, תָּפֹף וּצְעֹד.

# Mul Har Sinai

# מוּל הַר סִינַי

הַמִּלִּים: מ. מוֹהר – הַמַּנְגִּינָה: משֶׁה וִילֶנְסְקִי

Lo agada reiai (2)
Velo chalom over
Hinei mul har Sinai (2)
Hasne, hasne bo-er
Vehu lohev beshir
Befi gdude ha-ir
Vesha-a-rei ha-ir
Beyad hashimshonim.

Hoy shalhevet ya einei
hane-a-rim
Hoy shalhevet ya birom
hame-no-im
Od yesupar al ze hayom, echai
Beshuv ha-am el ma-a-mad Sinai.

לֹא אַגָּדָה, רֵעַי, – (2)
וְלֹא חֲלוֹם עוֹבֵר
הִנֵּה מוּל הַר סִינַי (2)
הַסְּנֶה, הַסְּנֶה בּוֹעֵר
וְהוּא לוֹהֵב בְּשִׁיר
בְּפִי גְדוּדֵי הָעִיר
וְשַׁעֲרֵי הָעִיר
בְּיַד הַשִּׁמְשׁוֹנִים.

הוֹי, שַׁלְהֶבֶת יָהּ עֵינֵי הַנְּעָרִים
הוֹי, שַׁלְהֶבֶת יָהּ, בְּרֹעַם הַמְנוֹעִים.
עוֹד יְסֻפַּר עַל זֶה הַיּוֹם, אֶחָי,
בְּשׁוּב הָעָם אֶל מַעֲמַד סִינַי.

(המשך)

| | |
|---|---|
| Re-ai ze lo chalom (2) | רֵעַי, זֶה לֹא חֲלוֹם (2) |
| Velo chezyon hoze | וְלֹא חֶזְיוֹן הוֹזֶה |
| Me-az ve-ad hayom (2) | מֵאָז וְעַד הַיּוֹם (2) |
| Bo-er, bo-er hasne | בּוֹעֵר, בּוֹעֵר הַסְּנֶה. |
| Lohet bezemer on | לוֹהֵט בְּזֶמֶר אוֹן |
| Balevavot ha-el | בַּלְּבָבוֹת הָאֵל |
| Shel na-a-rei tziyon | שֶׁל נַעֲרֵי צִיּוֹן |
| Verechev yisrael. | וְרֶכֶב יִשְׂרָאֵל. |

# Ve-Af Al Pi Chen — וְאַף עַל פִּי כֵן

הַמִּלִּים: ד. שִׁמְעוֹנִי – הַמַּנְגִּינָה: פ. גְּרִינְשְׁפַּן

| | | | |
|---|---|---|---|
| Ve-af al pi chen, | | | וְאַף עַל פִּי כֵן, |
| Ve-lamrot hakol — | | | וְלַמְרוֹת הַכֹּל – |
| E-retz (3) Israel | | | אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. |
| Ve-chol od dofek ba-olam lev Israel. | | | וְכָל עוֹד דּוֹפֵק בָּעוֹלָם לֵב יִשְׂרָאֵל. |
| Ve-chol od nishma ba-olam | 2 | 2 | וְכָל עוֹד נִשְׁמָע בָּעוֹלָם |
| shma Israel — | | | שְׁמַע יִשְׂרָאֵל – |
| At eretz (3) Israel. | | | אַתְּ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל! |

# Yam Lid

# ים ליד

ווערטער: ר' יהודה הלוי. אידיש: ח. נ. ביאַליק — מוזיק: מ. שניאור.




Ch'hob fargesn ale libste,
Ch'hob farlozt main eign hoiz
Ch'ob dem yam zich opgegebn
Trog mich yam tzum muter's shois.

Un du marov vint, getrayer,
Traib main shif tzu yenem breg,
Vos main hartz mit odler fligl
Zucht shoin lang tzu im a veg.

Breng mich nor ahin besholem,
Noch dem fli zich dir tzurik.
Grisn zolstu ale libste
Un dertzeil zei fun main glik.

Un du . . . .

כ'האָב פאַרגעסן אַלע ליבסטע,
כ'האָב פאַרלאָזט מיין אייגן הויז.
כ'האָב דעם ים זיך אָפּגעגעבן
טראָג מיך ים צום מוטער'ס שויס.

און דו מערב ווינט, געטרייער,
טרייב מיין שיף צו יענעם ברעג,
וואָס מיין האַרץ מיט אָדלער פליגל
זוכט שוין לאַנג צו אים אַ וועג.

ברענג מיך נאָר אַהין בשלום,
נאָך דעם פלי זיך דיר צוריק.
גריסן זאָלסטו אַלע ליבסטע
און דערציייל זיי פון מיין גליק.

און דו מערב ווינט, א. אַ. וו.

# Ergetz Vait

# ערגעץ ווייט

ווערטער : ה. לייוויק — מוזיק : לאַזאַר ווײַנער.




Ergetz vait, ergetz vait,
Ligt dos land, dos farbotene,
Zilberik bloyen di berg
Noch fun keinem batrotene.
Ergetz tif, ergetz tif,
In der erd aingeknotene
Vartn oitzres oif undz,
Vartn oitzres farshotene.

Ergetz vait, ergetz vait,
Ligt a leib a gefangener,
Oif zain kop shtarbt di shain
Fun der zun der fargangener.
Ergetz voglt ver um
Tif in shnei a farshotener,
Un gefint nit kain veg
Tzu dem land dem farbotenem.

ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט,
ליגט דאָס לאַנד, דאָס פאַרבאָטענע,
זילבעריק בלויען די בערג
נאָך פון קיינעם באַטראָטענע.
ערגעץ טיף, ערגעץ טיף,
אין דער ערד איינגעקנאָטענע
וואַרטן אוצרות אויף אונדז,
וואַרטן אוצרות פאַרשאָטענע.

ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט,
ליגט אַ לייב, אַ געפאַנגענער.
אויף זיין קאָפּ שטאַרבט די שיין
פון דער זון, דער פאַרגאַנגענער.
ערגעץ וואָגלט ווער אום
טיף אין שניי, אַ פאַרשאָטענער,
און געפינט ניט קיין וועג
צו דעם לאַנד, דעם פאַרבאָטענעם.

# Di Alte Kashe

# די אלטע קשיא

(פאָלקס־ליד)




Fregt di velt an alte kashe
Tra-la-ra-de-ri-di-ram.

פרעגט די וועלט אַן אַלטע קשיא :
טראַ־לאַ־ראַ־דע־דידי־ראַם.

Entfert men: Ra-de-ri-di-rai-lom

ענטפערט מען : ראַ־דע־רי־די־
ראַי־לאָם

Oi! Oi!
Tra-de-ri-di-rom

אוי ! אוי !
טראַ־דע־רי־רי־ראָם.

Un az men vil,
Ken men doch zogn, ra-di-rom

און אַז מען וויל,
קען מען דאָך זאָגן, ראַ־די־ראָם.

Blaibt doch vider di alte kashe
Tra-la-ra-de-ri-li-rom.

בלייבט דאָך ווידער די אַלטע קשיא :
טראַ־לאַ־ראַ־דע־דידי־ראַם

# Yakov's Cholem

# יעקב'ס חלום

ווערטער : אברהם רייזען — מוזיק פאָלקס־מעלאָדיע




Gegangen iz Yakov kain Choron
Tzu machn zich dort a getzelt
Biz er iz farmatert gevorn
Un ruen geblibn in feld (3)

Di zun iz in marev fargangen,
S'iz tunkl gevorn un kil
Geshvebt in der luft hobn
klangen
Fun ergetz der vait un del
shtil (3)

In feld bin ich itzter nor einer,
Doch fil ich, ich bin nit alein.
Ich ze az der ort iz bloiz shteiner
Vil ich zich leign oif a shtein (3)

געגאַנגען איז יעקב קיין חרן
צו מאַכן זיך דאָרט אַ געצעלט
ביז ער איז פאַרמאַטערט געוואָרן
און רוען געבליבן אין פעלד. (3)

די זון איז אין מערב פאַרגאַנגען,
ס'איז טונקל געוואָרן און קיל.
געשוועבט אין דער לופט האָבן
קלאַנגען
פון ערגעץ דער ווייט און דער
שטיל. (3)

אין פעלד בין איך איצטער נאָר
איינער,
דאָך פיל איך, איך בין ניט אַליין.
איך זע, אַז דער אָרט איז בלויז
שטיינער,
וויל איך זיך לייגן אויף אַ שטיין. (3)

# Hemerl

# העמערל

ווערטער: א. רייזען — מוזיק: א. מ. בערנשטיין.

ANDANTINO

O HE-ME-RL HE-ME-RL KLAP SHLOG SHTARKER A TCHVEK NOCH TCHVEK, IN
SHTUB IS KAIN BROIT SHOIN NI-TO NOR TZO-RES UN LAID ON AN
EK IN SHTUB IS KAIN BROIT SHOIN NI-TO NOR
TZO-RES UN LAID ON AN EK

O, hemerl, hemerl, klap!
Shlog gicher a tchvek noch a tchvek
In shtub iz kain broit shoin nito
Non tzores un laid on an ek. } 2

O, hemerl, hemerl, klap!
Shlog gicher di tchvekes, shlog gich
Biz morgn muz fartik shoin zain
Der gviretes techterls shich. } 2

O, hemerl, hemerl, klap!
Nit glitch fun main hant zich arois
Main eintziker shpaizer bistu
Fun hunger on dir gei ich ois. } 2

O, hemerl, hemerl, klap!
Der zeiger er shlogt shoin bald tzvelf,
Di oign zei machn zich tzu
Gib koiches, o Goteniu, helf. } 2

אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
שלאָג גיכער אַ טשוועק נאָך אַ טשוועק,
אין שטוב איז קיין ברויט שוין ניטאָ
נאָר צרות און לייד אָן אַן עק. } 2

אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
שלאָג גיכער די טשוועקעס, שלאָג גיך!
ביז מאָרגן מוז פאַרטיק שוין זיין
דער גבירהטעס טעכטערלס שיך. } 2

אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
ניט גליטש פון מיין האַנט זיך אַרויס.
מיין איינציקער שפּייזער ביסטו,
פון הונגער אָן דיר גיי איך אויס. } 2

אָ, העמערל, העמערל, קלאַפּ!
דער זייגער ער שלאָגט שוין באַלד צוועלף,
די אויגן זיי מאַכן זיך צו,
גיב כחות, אָ גאָטעניו, העלף. } 2

# Mit A Nodl — מיט א נאדל




Mit a nodl, on a nodl, } 2
Nei ich mir bekoved godl }

מיט אַ נאָדל, אָן אַ נאָדל, } 2
ניי איך מיר בכבוד גדול. }

Un az ich hob a nodl mit a fodim
Nei ich mir di shenste b'godim.

און אַז איך האָב אַ נאָדל מיט אַ פאָדים
ניי איך מיר די שענסטע בגדים.

Mit a nodl, etc.

מיט אַ נאָדל, א. אַ. וו.

Un az ich hob a nodl mit a fingerhut
Leb ich op main velt barut.

און אַז איך האָב אַ נאָדל מיט אַ פינגערוט
לעב איך אָפ מיין וועלט באַרוט.

Mit a nodl, etc.

מיט אַ נאָדל, א. אַ. וו.

Abi ich nem di sher un aizn
Ken ich main vaib un kinder shpaizn.

אַבי איך נעם די שער און אייזן
קען איך מיין ווייב און קינדער שפייזן.

Mit a nodl, etc.

מיט אַ נאָדל, א. אַ. וו.

Ich farleig a fus oif a fus
Un zing mir a lidele tzuker zis.

איך פאַרלייג אַ פוס אויף אַ פוס
און זינג מיר אַ לידעלע צוקער זיס.

Mit a nodl, etc.

מיט אַ נאָדל, א. אַ. וו.

# Bin Ich Mir A Schnaiderl

# בין איך מיר א שניידערל

(פאָלקס־ליד)




Bin ich mir a shnaiderl (2)
Leb ich mir tog ois, tog ain
Lustik, freilech, fain.
—Zog mir shnaiderl,
Libinker un guter,
Git dir di nodl
Genug oif broit mit puter?
—Ich mach a voch
Tzvei gildn mit a drayer;
Ich es nor broit
Vail puter iz tzu tayer.

Bin ich mir a kremerl (2)
Leb ich mir tog ois, tog ain
Lustik, freilech, fain.
—Zog mir, kremerl,
Hostu mit vos tzu handlen?
Hostu in kreml
Rozshinkes mit mandlen?
—Ich hob in kreml
Far tzvei groshen s'choire,
Ich shlep dem dales
Un bentch dem Boire.

בין איך מיר אַ שניידערל (2)
לעב איך מיר טאָג אויס, טאָג אײַן
לוסטיק, פריילעך, פײַן.
זאָג מיר שניידערל
ליבינקער און גוטער,
גיט דיר די נאָדל
גענוג ברויט מיט פוטער ?
— איך מאַך אַ וואָך
צוויי גילדן מיט אַ דרייער ;
איך עס נאָר ברויט,
ווייל פוטער איז צו טייער.

בין איך מיר אַ קרעמערל (2)
לעב איך מיר טאָג אויס, טאָג אײַן
לוסטיק, פריילעך, פײַן.
— זאָג מיר קרעמערל,
האָסטו מיט וואָס צו האַנדלען ?
האָסטו אין קרעמל
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען ?
— איך האָב אין קרעמל
פאַר צוויי גראָשן סחורה,
איך שלעפּ דעם דלות
און בענטש דעם בורא.

# Der Rebe Elimelech דער רבי אלימלך

ווערטער : משה נאַדיר — מוזיק : פאָלקס־מעלאָדיע




| | |
|---|---|
| Az der rebe Elimelech<br>Iz gevorn zeier freilech,<br>Iz gevorn zeier freilech<br>Elimelech,<br>Hot er oisgeton dem kitl,<br>Un hot ongeton dos hitl,<br>Un geshikt noch di fidler di tzvei<br>Az di fidldike fidler<br>Hobn fidldik gefidlt, } 2<br>Hobn fidllik gefidlt, hobn zei | אַז דער רבי אלימלך<br>איז געוואָרן זייער פריילעך,<br>איז געוואָרן זייער פריילעך,<br>אלימלך,<br>האָט ער אויסגעטאָן דעם קיטל,<br>און האָט אָנגעטאָן דאָס היטל,<br>און געשיקט נאָך די פידלער די צוויי.<br>אַז די פידלדיקע פידלער<br>2 { האָבן פידלדיק געפידלט,<br>האָבן פידלדיק געפידלט,<br>האָבן זיי, |
| Un az der rebe Elimelech<br>Iz gevorn gor shtark freilech,<br>Iz gevorn gor shtark freilech,<br>Elimelech<br>Hot er oisgeton di tfiln,<br>Un hot oisgevisht di briln,<br>Un geshikt noch di paikler,<br>di tzvei.<br>Az di paikldike paikler<br>Hobn paikldik gepaiklt, } 2<br>Hobn paikldik gepaiklt,<br>hobn zei. | און אַז דער רבי אלימלך<br>איז געוואָרן גאָר שטאַרק פריילעך,<br>איז געוואָרן זייער פריילעך, אלימלך,<br>האָט ער אויסגעטאָן די תפילין,<br>און האָט אויסגעווישט די ברילן,<br>און געשיקט נאָך די פייקלער, די צוויי.<br>אַז די פייקלדיקע פייקלער<br>2 { האָבן פייקלדיק געפייקלט,<br>האָבן פייקלדיק געפייקלט<br>האָבן זיי. |

# Der Kremer

# דער קרעמער

ווערטער: א. ליעסין — מוזיק: פ. יאַסינאָווסקי.

mf ZITST ZICH A KRE - MER IN KRE - ML — DER HUN - DERT - STER
KRE - MER IN GAS — ER ZITZT UN ER TRACHT FUN A KOI - NE —
IN DROI - SN IS CHMUR - NE UN NAS — ER ZITST UN ER
TRACHT FUN A KOI - NE — IN DROI - SN IS CHMUR - NE UN
NAS —

Zitzt zich a kremer in kreml } 2
Der hundertster kremer in gas. }
Er zizt un er tracht fun a koine
In droisn iz fintzter un nas.

A Yiddishe meluche, raboisay,
Tzi kent ir dos grintlech
farshtein,
A meluche fun loiter geonim, } 2
A meluche fun melochim alein. }

Plutzling bavaizt zich a koine,
A koine vi an arbes de grois,
Er bet far a kopeke hering
Un shlogt im fun inyen arois.

Derzeen dos di andere kremer
Di hunderter kremer fun gas
Un zei esn im oif mit di oign } 2
Mit oign ful kineh un has. }

זיצט זיך אַ קרעמער אין קרעמל } 2
דער הונדערטסטער קרעמער אין גאַס, }
ער זיצט און ער טראַכט פון אַ קונה
אין דרויסן איז פינצטער און נאַס.

אַ אידישע מלוכה, רבותי,
צי קענט איר דאָס גרינטלעך פאַר־
שטיין,
אַ מלוכה פון לויטער גאונים, } 2
אַ מלוכה פון מלכים אַליין. }

פּלוצלינג באַווייזט זיך אַ קונה,
אַ קונה ווי אַן אַרבעס די גרויס.
ער בעט פאַר אַ קאָפּיקע הערינג
און שלאָגט אים פון עניין אַרויס.

דערזעען דאָס די אַנדערע קרעמער
די הונדערטער קרעמער פון גאַס
און זיי עסן אים אויף מיט די אויגן } 2
מיט אויגן פול קנאה און האַס. }

# Rabeinu Tam

# רבנו תם

ווערטער : איציק מאַנגער — מוזיק : הערץ רובין




Lomir zingen a sheine lid,
Aydl, didl, dam,
Vi di goldene pave flit
Ibern shvartzn yam,
Un trogt a libes brivele,
A sheine libes brivele
Tzum Rabeinu Tam (2)

Ver hot geshribn dos brivele
Aydl, didl, dai,
Dos brivele hot geshribn
Di malke fun Terkai,
Geshribn es mit roitn tint
Un farchasmet es geshvindt
Mit heise trern drai. (2)

Vos shteit geshribn in brivele
Aydl, didl, du,
Rabeinu Tam ich libe dich
Un vos zshe shvaigstu, nu,
Ich ese nisht, ich trinke nisht,
Ich ver tzezetzt fun benkenish,
Ich habe kaine ru. (2)

לאָמיר זינגען אַ שיינע ליד
איידל, דידל, דאַם.
ווי די גאָלדענע פּאַווע פליט
איבערן שוואַרצן ים,
און טראָגט אַ ליבע בריוועלע,
אַ שיינע ליבעס בריוועלע
צום רבנו תם (2).

ווער האָט געשריבן דאָס בריוועלע
איידל, דידל דאי,
דאָס בריוועלע האָט געשריבן
די מלכה פון טערקיי.
געשריבן עס מיט רויטן טינט
און פאַרחתמעט עס געשווינדט
מיט הייסע טרערן דריי (2).

וואָס שטייט געשריבן אין בריוועלע
איידל, דידל, דו,
רבנו תם איך ליבע דיך
און וואָס זשע שווייגסט דו, נו,
איך עסע ניכט, איך טרינקע נישט
איך ווער צוזעצט פון בענקעניש,
איך האַבע קיינע רו (2).

# Rabeinu Tam — רבנו תם

(פאָרזעצונג)

Vos zshe zogt Rabeinu Tam
Aydl, didl, de,
Er glet di peies un di bord
Un macht drai mol fe
Un dos tzigele in shtal
Un dos vaise tzigele
Helft im unter—me. (2)

וואָס זשע זאָגט רבנו תם
איידל, דידל, דע,
ער גלעט די פאות און די באָרד
און מאַכט דריי מאָל: פע;
און דאָס ציגעלע אין שטאַל
און דאָס ווייסע ציגעלע
העלפט אים אונטער — מע (2).

Nu, un zi di Rebetzn,
Aydl, didl, doy,
Zi shlogt im mit a valger-holtz
Un macht tzu im azoi:
Shikses lign dir in zin
Un yach, un yach, un yach
vu bin
Dain heis gelibte froi. (2)

נו, און זי, די רבצין,
איידל, דידל דאָי,
זי שלאָגט אים מיט אַ וואַלגער־האָלץ
און מאַכט צו אים אַזוי:
שיקסעס ליגן דיר אין זין
און יאַך און יאַך, און יאַך וואו בין
דיין הייס געליבטע פרוי (2).

Ver hot dos lid gemacht,
Aydl, didl, dam,
A shnaider yung hot es gemacht,
Lekoved dem Rabeinu Tam,
Un shabes, tzvishn tog un nacht,
Hot a letz araingelacht
Akurat tzum gram. (2)

ווער האָט דאָס ליד געמאַכט
איידל, דידל דאַם.
אַ שניידער יונג האָט עס געמאַכט
לכבוד דעם רבנו תם,
און שבת, צווישן טאָג און נאַכט,
האָט אַ לץ אַריינגעלאַכט
אַקוראַט צום גראַם (2).

# Oifn Pripetchik — אויפן פריפעטשיק

ווערטער און מוזיק: מ. מ. וואַרשאַווסקי.



# Oifn Pripetchik — אויפן פריפעטשיק

(פאַרזעצונג)




Oifn pripetchik brent a fayerl
Un in shtub iz heis
Un der rebe lernt kleine
kinderlech } 2
Dem alef beis.

אויפן פריפעטשיק ברענט אַ פייערל
און אין שטוב איז הייס
און דער רבי לערנט קליינע
קינדערלעך } 2
דעם אלף בית.

Gedenkt zshe kinderlech
Gedenkt zshe tayere
Vos ir lernt do
Zogt zshe noch amol
Un take noch amol } 2
Kometz alef "O".

געדענקט זשע קינדערלעך,
געדענקט זשע טייערע,
וואָס איר לערנט דאָ.
זאָגט זשע נאָך אַמאָל
און טאַקע נאָך אַמאָל } 2
קמץ אַלף „אָ“.

Lernt kinderlech, hot nit moire,
Yeder onhoib iz shver
Gliklech iz der yid vos
lernt toire } 2
Vos darfn mir noch mer?

לערנט קינדערלעך, האָט ניט מורא,
יעדער אָנהויב איז שווער.
גליקלעך איז דער איד וואָס
לערנט תורה } 2
וואָס דאַרפן מיר נאָך מער ?

Az ir vet kinderlech elter vern
Vet ir alein farshtein
Vifil in di oisies lign trern } 2
Un vifil gevein.

אַז איר וועט קינדערלעך עלטער ווערן
וועט איר פאַרשטיין
וויפיל אין די אותיות ליגן טרערן } 2
און וויפיל געוויין.

Lernt kinderlech
mit grois cheishek
Azoi zog ich aich on
Ver s'vet beser fun aich
kenen ivre } 2
Der bakumt a fon.

לערנט קינדערלעך מיט גרויס חשק
אַזוי זאָג איך אייך אָן
ווער ס'וועט בעסער פון אייך
קענען עברי, } 2
דער באַקומט אַ פאָן.

# Motele

# מאטעלע

ווערטער און מוזיק: מ. געבירטיק

LARGHETTO

VOS VET DER SOF ZAIN MO - TL ZOG ZHE - MIR BIST

ER - GERNOCH FUN FRIER GE - VO - RN BAK - LOGT HOT ZICH DER RE - BE

HAINT OIF DIR AZ DU DER - GEIST IM ZAI - NE YO - RN SIS

NIT GE - NUG DU VILST NIT LER - NEN GOR DEM RE - BN NE - BACH TUST DER -

TZER - NEN SHPILST ZICH A - RUM UN SHLOGST ZICH GOR — UN

SHTERST DI KIN - DER - LECH DOS LER - NEN

Vos vet der sof zain, Motl,
 zogzhe mir?
Bist erger noch fun frier gevorn,
Baklogt hot zich der Rebe
 haint oif dir
Az du dergeist im zaine yorn.
S'iz nisht genug du vilst nit
 lernen gor,
Dem Reben, nebech, tust
 dertzerenen,
Shlogstu zich arum un shpilst
 zich nor
Un shterst di kinderlech dos
 lernen

Nisht emes, tate, vos der Rebe
 zogt,
A shlechter mentsh, nishto zain
 glaichn,
Farvos dertzeilt er nit vi undz
 er shlogt,

וואָס וועט דער סוף זיין, מאָטל,
זאָג־זשע מיר?
ביסט ערגער נאָך פון פריער געוואָרן,
באַקלאָגט האָט זיך דער רבי היינט
אויף דיר,
אַז דו דערגייסט אים זיינע יאָרן.
ס'איז נישט גענוג דו ווילסט ניט
לערנען גאָר,
דעם רבין, נעבעך, טוסטו דערצערנען,
שלאָגסט זיך אַרום און שפּילסט זיך
נאָר
און שטערסט די קינדערלעך דאָס
לערנען.

נישט אמת, טאַטע, וואָס דער רבי
זאָגט,
אַ שלעכטער מענטש, נישטאָ זיין
גלייכן,
פאַרוואָס דערציילט ער ניט ווי אונדז
ער שלאָגט,

# Motele

# מאטעלע

(פאַרזעצונג)

נאָך מיט אַ ניגונדל געשמיסן.
זיין שויס
דערפאַר האָט אונדז דער רבי אויף
ער האָט מיין חומשל צעריסן,
בלויז,
ב׳האָב מיט אברהמלען זיך צעווערטלט
זע, טאַטעניו, דעם בלויען צייכן,

Ze, tateniu, dem bloien tzeichn.
Ch'hob mit Avremlen zich
tzevertlt bloiz,
Er hot main Chumeshl tzerisn,
Derfar hot undz der Rebe oif
zain shois
Noch mit a nigndl geshmisn.

וואָס וועט דער סוף זיין, מאָטל ?
ענטפער ד׳רויף :
די שכנים זאָגן, מ׳מוז זיי גלויבן,
דו יאָגסט זיך גאַנצע טעג אַרום
אין הויף,
און חברסט זיך מיט יאַנעקס טויבן.
צי איז דאָס שיין פאַר יידן, זאָג אַליין,
מיט טויבן זיך אַרומצויאָגן ?
האָסט נעכטן, מאָטל, מיט אַ שטיין
דעם שכנס שויבן אויסגעשלאָגן.

Vos vet der sof zain, Motl?
entfer d'roif:
Di sh'cheinim zogn, ch'muz
zei gloibn,
Du yogst zich gantze teg arum
in hoif,
Un chaverst zich mit Yaneks
toibn.
Tzi iz dos shein far Yidn, zog
alein,
Mit toibn zich arumtzuyogn?
Host nechtn, Motl, mit a shtein
Dem shochns shoibn
oisgeshlogn.

נישט אמת, טאַטע, ס׳איז נאָר
קוים אַרויס
אַ שטיקל שויב, מ׳קען עס צוקלעפּן.
איך יאָג זיך ניט, איך קוק זיך צו
נאָר בלויז.
ווי שיין די טייבעלעך זיך שוועבן,
ווי פריי זיי שפּרינגען זיך אַרום
אין הויף,
ווי שיין די קערנדלעך זיי פּיקן,
ווי שנעל זיי גיבן זיך אַ לאָז אַרויף
ווען זיי אַ פרעמדע טויב דערבליקן.

Nisht emes, tate, s'iz nor koim
arois
A shtikl shoib, men ken's
tzuklepn.
Ich yog zich nit, ich kuk zich
tzu nor bloiz,
Vi shein di taibelech zich
shvebn,
Vi frai zei shpringen zich arum
in hoif
Vi shein di kerndlech zei pikn,
Vi shein zei gibn zich a loz
aroif
Ven zei a fremde toib derblikn.

# מאטעלע

# Motele

(פאַרזעצונג)

וואָס וועט דער סוף זיין, מאָטל,
כ׳פרעג דיך נאָר?
אַ גרויסער יונג, קיין עין־הרע,
ווען איך בין אַלט געווען דרייצן יאָר,
געקענט ווי וואַסער די גמרא,
אַ ייד מוז לערנען תורה, מיט גרויס פרייד,
נישט האָבן נאַרישקייטן אין זינען,
אַז וואויל דעם מענטש, וואָס איז צו גאָט, צו לייט,
וואָס קען גוט לערנען און געלט פאַרדינען.

דער זיידע האָט אַמאָל דערציילט פון דיר,
פלעגסט אויך נאָך טייבעלעך זיך יאָגן,
ביסט אויך פיל בעסער ניט געווען פון מיר,
דיין רבי האָט דיך אויך געשלאָגן.
היינט קענסטו לערנען, און האָסט געלט דערצו,
האָב, טאַטעניו, פאַר מיר קיין מורא,
ווען איך וועל ווערן גרויס, וועל איך, ווי דו,
פאַרדינען געלט און לערנען תורה.

Vos vet der sof zain, Motl,
ch'freg dich nor?
A groiser yung, kain ain-hore,
Ven ich bin alt geven draitzn yor,
Gekent vi vaser di gemore,
A Yid muz lernen Toire mit grois freid,
Nisht hobn narishkaitn in zinen,
Az voil dem mentsh vos iz tzu Got, tzu lait,
Vos ken gut lernen un gelt fardinen.

Der zeide hot amol dertzeilt fun dir,
Flegst oich noch taibelech zich yogn,
Bist oich fil beser nit geven fun mir,
Dain rebe hot dich oich geshlogn.
Haint kenstu lernen un host gelt dertzu,
Hob, tateniu, far mir kain moire
Ven ich vel vern grois, vel ich, vi du,
Fardinen gelt un lernen Toire.

# Reizele

# רייזעלע

ווערטער און מוזיק: מ. געבירטיק




Shteit zich dort in gesele
Shtil fartracht a haizele,
Dortn oifn boidem-shtibl
Voint main tayer Reizele.
Yedn ovnt farn haizl
Drei ich sich arum,
Ch'gib a faif un ruf ois: "Reizl,
Kum, kum, kum!"

Efnt zich a fentzterl,
Vacht oif s'alte haizele
Un bald klingt in shtiln gesl
A zis kol—s'redt Reizele:
"Noch a vaile, vart main liber,
Bald vel ich zain frai,
Gei zich noch a por mol iber,
Eins, tzvei, drai."

Gei ich mir a freilecher,
zing un knak mir niselech,
Her ich oif di treplech loifn
Ire drobne fiselech,
Shoin arop fun letztn trepl,
Ch'nem zi lib arum,
Ch'gib ir shtil a kush in kepl:
"Kum, kum, kum!"

שטייט זיך דאָרט אין געסעלע
שטיל פאַרטראַכט אַ הייזעלע,
דאָרטן אויפן בוידעם־שטיבל
וואוינט מיין טייער רייזעלע.
יעדן אָוונט פאַרן הייזל
דריי איך זיך אַרום
כ׳גיב אַ פייף און רוף אויס: „רייזל,
קום, קום, קום!“

עפנט זיך אַ פענצטערל,
וואַכט אויף ס׳אַלטע הייזעלע
און באַלד קלינגט אין שטילן געסל
אַ זיס קול — ס׳רעדט רייזעלע:
„נאָך אַ ווײַלע, וואַרט מיין ליבער,
באַלד וועל איך זיין פריי,
גיי זיך נאָך אַ פּאָר מאָל איבער
איינס, צוויי, דריי“.

גיי איך מיר אַ פריילעכער,
זינג און קנאַק מיר ניסעלעך,
הער איך אויף די טרעפּלעך לויפן
אירע דראָבנע פיסעלעך,
שוין אַראָפּ פון לעצטן טרעפּל,
כ׳נעם זי ליב אַרום,
כ׳גיב איר שטיל אַ קוש אין קעפּל:
„קום, קום, קום!“

# Mechuteneste Maine מחותנתטע מיינע

(פאָלקס־ליד)




Mechuteneste maine,
mechuteneste getraye,.
Lomir zain oif eibik mechu-
tonim (2)
Ich gib aich avek main tochter
far a shnur
Zi zol ba aich nit onvern dem
ponim. (2)

מחותנתטע מיינע, מחותנתטע
געטרייע,
לאָמיר זיין אויף אייביק מחותנים (2)
איך גיב אייך אַוועק מיין טאָכטער
פאַר אַ שנור
זי זאָל ביי אייך ניט אָנווערן דעם
פנים. (2)

Mechuteneste maine,
mechuteneste getraye,
Main kind zolt ir fri nit vekn (2)
Un tomer vet ir zen an avle
oif main kind,
Vi an eigene mame zolt ir dos
fardekn. (2)

מחותנתטע מיינע, מחותנתטע
געטרייע,
מיין קינד זאָלט איר פרי ניט
וועקן (2)
און טאָמער וועט איר זען אַן עוולה
אויף מיין קינד,
ווי אַן אייגענע מאַמע זאָלט איר
דאָס פאַרדעקן. (2)

Mechuteneste maine,
mechuteneste getraye,
oif kinder hobn tut men blut
fargisn (2)
Un tomer vet ir zen az der zun
hot lib di shnur
Zol es aich gornisht fardrisn. (2)

מחותנתטע מיינע, מחותנתטע
געטרייע,
אויף קינדער האָבן טוט מען בלוט
פאַרגיסן (2)
און טאָמער וועט איר זען אַז דער
זון האָט ליב די שנור
זאָל עס אייך גאָרנישט פאַרדריסן. (2)

Mechuteneste maine,
mechuteneste getraye,
Ich for tzu aich mit a parikl (2)
Tomer vet ir zain a shlak a beize shviger
Iz main tochter oichet an antikl } 2

מחותנתטע מיינע, מחותנתטע
געטרייע,
איך פאָר צו אייך מיט אַ פּאַריקל (2)
טאָמער וועט איר זיין אַ שלאַק
אַ בייזע שוויגער
איז מיין טאָכטער אויכעט אַן אַנטיקל. } 2

## Shoin Avek Der Nechtn

## שוין אַוועק דער נעכטן

ווערטער : דר. ח. זשיטלאָווסקי — מוזיק : פאָלקס־מעלאָדיע




Shoin avek der nechtn,
Noch nito der morgn,
S'iz noch geblibn a bisele haint,
To lomir zich nit zorgn.
Tra, la, etc.

שוין אַוועק דער נעכטן,
נאָך ניטאָ דער מאָרגן,
ס׳איז נאָך געבליבן אַ ביסעלע היינט,
טאָ לאָמיר זיך ניט זאָרגן.
טראַ־לאַ, א. א. וו.

Lomir nemen a bisele mashke
Kol zman men iz noch baim lebn
Imyirtze hashem oif yener velt
Vet men aich nisht gebn.
Tra, la, etc.

לאָמיר נעמען אַ ביסעלע משקה
כל זמן מען איז נאָך ביים לעבן
אם ירצה השם אויף יענער וועלט
וועט מען אייך נישט געבן.
טראַ, לאַ, א. א. וו.

# Mechutonim Geyen — מחותנים גייען

ווערטער און מוזיק: מ. מ. וואַרשאַווסקי

BRIOSO

DI ME-CHU-TO-NIM GE-YEN KIN-DER LO-MIR ZICH FRE-YEN SHAT NOR SHAT
DER CHO-SN IS GOR A VUN-DER SHPILT A LI-DE-LE DEM CHO-SNS TZAD
AI AI AI AI AI AI AI AI AI AI AI AI AI AI AI AI AI AI AI
AI AI AI AI AI AI AI AI AI

Di mechutonim geyen, kinder,
Lomir zich freyen, shat nor shat
Der chosn iz gor a vunder,
Shpilt a lidele dem chosns tzad.
Ai, ai, ai, etc.

Ot geit der feter Kone,
Mit der mume Chane, shat nor shat,
Dos iz di beste matone,
Shpilt a lidele dem chosns tzad.
Ai, ai, ai, etc.

Dem chosns shvester, Freidl
Zi dreit zich a dreidl, shat nor shat,
Nemt zi arain in redl,
Shpilt a lidele dem chosns tzad.
Ai, ai, ai, etc.

Ot geit der feter Mindik,
Vos hobn mir gezindikt, shat nar shat,
Er blozt zich vi an indik,
Shpilt a lidele dem chosns tzad.
Ai, ai, ai, etc.

די מחותנים גייען, קינדער,
לאָמיר זיך פרייען, שאַט נאָר שאַט,
דער חתן איז גאָר אַ וואונדער,
שפּילט אַ לידעלע דעם חתנס צד.
אַיי, אַיי, אַיי, א. א. וו.

אָט גייט דער פעטער קאָנע,
מיט דער מומע חנה, שאַט נאָר שאַט,
דאָס איז די בעסטע מתנה.
שפּילט אַ לידעלע דעם חתנס צד.
אַיי, אַיי, אַיי, א. א. וו.

דעם חתנס שוועסטער פריידל,
זי דרייט זיך אַ דריידל, שאַט נאָר שאַט,
נעמט זי אַריין אין רעדל,
שפּילט אַ לידעלע דעם חתנס צד.
אַיי, אַיי, אַיי, א. א. וו.

אָט גייט דער פעטער מינדיק,
וואָס האָבן מיר געזינדיקט, שאַט נאָר שאַט,
ער בלאָזט זיך ווי אַ אינדיק,
שפּילט אַ לידעלע דעם חתנ׳ס צד.
אַיי, אַיי, אַיי, א. א. וו.

# Di Mizinke Oisgegebn

# די מיזינקע אויסגעגעבן

ווערטער און מוזיק : מ. מ. וואַרשאַווסקי




Shtarker, freilech,
Du di malke, ich der meilech,
Oi, oi, ich alein,
Hob mit maine oign gezen,
Vi Got hot mich matzliach geven
Di mizinke oisgegebn. (2)

שטאַרקער, פריילעך,
דו, די מלכה, איך, דער מלך,
אוי, אוי, איך אַליין,
האָב מיט מיינע אויגן געזען,
ווי גאָט האָט מיך מצליח געווען,
די מיזינקע אויסגעגעבן. (2)

Aizik, mazik,
Di bobe geit a kozik,
Kain ain hore, zet nor zet,
Vi zi tupet, vi zi tret,
Oi a simche, oi a freid,
Di mizinke oisgegebn. (2)

אַייזיק מזיק, די באָבע גייט אַ קאָזיק,
קיין עין הרע, זעט נאָר זעט,
ווי זי טופעט, ווי זי טרעט,
אוי, אַ שמחה, אוי אַ פרייד,
די מיזינקע אויסגעגעבן. (2)

Motl, Shimen,
Oremelait zainen gekumen,
Greit far zei dem shenstn tish,
Tayere vainen, tayere fish,
Oi main tochter, gib mir a kush
Di mizinke oisgegebn. (2)

מאָטל, שמעון,
אָרעמעלייט זיינען געקומען,
גרייט פאַר זיי דעם שענסטן טיש,
טייערע וויינען, טייערע פיש,
אוי, מיין טאָכטער, גיב מיר אַ קוש,
די מיזינקע אויסגעגעבן. (2)

Der tayerer feter Yose,
Di gute mume Sose,
Hobn mir tzum chosn mol,
Tayere vainen on a tzol
Mir geshikt fun Eretz Yisrol,
Di mizinke oisgegebn. (2)

דער טייערער פעטער יאָסע,
די גוטע מומע סאָסיע,
האָבן מיר צום חתן מאָל,
טייערע וויינען אָן אַ צאָל,
מיר געשיקט פון ארץ־ישראל,
די מיזינקע אויסגעגעבן. (2)

# Di Mashke — די משקה

(פאָלקס־ליד)

Beshas der shadchn iz gekumen tzu main zeidn
Dem tatn der mamen a shidach reidn,
Hobn zei geredt un geredt biz s'iz gevorn tzu nisht,
Biz vanen di mashke't zich araingemisht,
Fun der mashke iz der shidach gevorn geshlosn
Der tate is gevorn der mames chosn.
Oi, oi, la, la, etc.

Ich gedenk noch vi ba main bris
Iz di mashke nit arop fun tish
Men hot ale gevuntshn mazl tov
Az ich zol oisvaksn a groiser rov.
Tzulib der mashke hot main tate main mamen genumen
Fun der mashke bin ich oif der velt gekumen.
Oi, oi, la, la, etc.

בשעת דער שדכן איז געקומען צו מיין זיידן
דעם טאַטן דער מאַמען אַ שידוך ריידן,
האָבן זיי גערעדט און גערעדט ביז ס'איז געוואָרן צו נישט,
ביז וואַנען די משקה'ט זיך אַריינגעמישט,
פון דער משקה איז דער שידוך געוואָרן געשלאָסן,
דער טאַטע איז געוואָרן דער מאַמעס חתן.
אוי, אוי, לאַ, לאַ, א. א. וו.

איך געדענק נאָך ווי ביי מיין ברית
איז די משקה ניט אַראָפּ פון טיש
מען האָט געוואונטשן מזל טוב,
אַז איך זאָל אויסוואַקסן אַ גרויסער רב.
צוליב דער משקה האָט מיין טאַטע מיין מאַמען גענומען,
פון דער משקה בין איך אויף דער וועלט געקומען.
אוי, אוי, לאַ, לאַ, א. א. וו.

# Ale Brider

# אלע ברידער

(פאָלקס־ליד)




Un mir zainen ale brider,
Oi, oi, ale brider,
Un mir zingen freileche lider,
Oi, oi, oi.

Un mir haltn zich in einem,
Oi, oi, zich in einem,
Azelches iz nito bai keinem,
Oi, oi, oi.

Un mir zainen ale einik
Oi, oi, ale einik,
Tzi mir zainen fil tzi veinik,
Oi, oi, oi.

Un mir libn zich doch ale,
Oi, oi, zich doch ale,
Vi a chosn mit a kale,
Oi, oi, oi.

און מיר זיינען אַלע ברידער,
אוי, אוי, אַלע ברידער,
און מיר זינגען פריילעכע לידער,
אוי, אוי, אוי.

און מיר האַלטן זיך אין איינעם,
אוי, אוי, זיך אין איינעם,
אַזעלכעס איז ניטאָ ביי קיינעם,
אוי, אוי, אוי.

און מיר זיינען אַלע איינִיק,
אוי, אוי, אַלע איינִיק,
צי מיר זיינען פיל צי ווייניק,
אוי, אוי, אוי.

און מיר ליבן זיך דאָך אַלע,
אוי, אוי, זיך דאָך אַלע,
ווי אַ חתן מיט אַ כלה,
אוי, אוי, אוי.

# Achtzik Er Un Zibetzik Zi

# אכציק ער און זיבעציק זי

ווערטער און מוזיק: מ. מ. וואַרשאַווסקי




S'iz haint akurat gevorn fuftzik
yor
Vi zei lebn zich in einem, dos
alte por,
Zei hobn zich geeltert, kukt
aich tzi
Achtzik er un zibetzik zi.

Got hot zei mit oisher un koved
baglikt,
In lebn hobn zei zich keinmol
nit gekrigt,
Nor Notele, nor bobele rufn zei
zich tzi
Achtzik er un zibetzik zi.

Azoi hot men genumen tzu
biselech vain
Dem zeidn mit der boben in rod
arain,
Di mume iz gegangen akegn oif
a kni
Achtzik er un zibetzik zi.

Azoi hot men gehuliet biz halbe
nacht
Bobele, zogt der zeide, a gute
nacht

ס'איז היינט אַקוראַט געוואָרן
פופציק יאָר
ווי זיי לעבן זיך אין איינעם, דאָס
אַלטע פּאָר,
זיי האָבן זיך געעלטערט, קוקט אייך
צו —
אַכציק ער און זיבעציק זי.

גאָט האָט זיי מיט עושר און כבוד
באַגליקט.
אין לעבן האָבן זיי זיך קיינמאָל ניט
געקריגט.
נאָר, נאָטעלע, נאָר באָבעלע רופן
זיי זיך צו —
אַכציק ער און זיבעציק זי.

אַזוי האָט מען גענומען צו ביסלעך
וויין.
דעם זיידן מיט דער באָבען אין
ראָד אַריין.
די מומע איז געגאַנגען אַקעגן אויף
אַ קני —
אַכציק ער און זיבעציק זי.

אַזוי האָט מען געהוליעט ביז
האַלבע נאַכט.
באָבעלע, זאָגט דער זיידע, אַ גוטע
נאַכט.

Shlof mir gezunt un dek zich
tzu —
Achtzik er un zibetzik zi.

שלאָף מיר געזונט און דעק זיך
צו —
אַכציק ער און זיבעציק זי.

## Ein Mol Tu Ich Zich Banayen

## איין מאל טו איך זיך באנייען




Ein mol (3)
Ein mol tu ich zich banayen.
A gantze voch horevet men doch } 2
Un Shabes darf men layen. }

איין מאָל (3)
איין מאָל טו איך זיך באַנייען.
אַ גאַנצע וואָך האָרעוועט מען דאָך } 2
און שבת דאַרף מען לייען. }

Layen (3)
Layen zol men nit badarfn.
On fish, on chrein, ken men
zich bagein } 2
Ober nit on bronfn. }

לייען (3)
לייען זאָל מען נישט באַדאַרפן.
אָן פיש, אָן כריין, קען מען זיך
באַגיין } 2
אָבער ניט אָן בראָנפן. }

Bronfn (3)
Bronfn dos iz doch der iker
Un az ich nem a kos noch a kos } 2
Ver ich teikef shiker. }

בראָנפן (3)
בראָנפן דאָס איז דאָך דער עיקר
און אַז איך נעם אַ כוס נאָך אַ כוס } 2
ווער איך תיכף שיכור. }

Shiker (3)
Shiker iz a gute mide.
Un az ich nem a kos noch a kos } 2
Tantz ich mit a chside. }

שיכור (3)
שיכור איז אַ גוטע מידה
און אַז איך נעם נאָך אַ כוס } 2
טאַנץ איך מיט אַ חסידה. }

# A Finf Un Tzvantziker

# א פינף און צוואַנציקער

(פאָלקס־ליד)




Bait zshe mir ois a finf un
tzvantziker,
Oif samerodne drayer;
Shpilt zshe mir klezmorimlech
A lidele a tayer,
Yam tche, ram tcham . . .

Bait zshe mir ois a finf un
tzvantziker,
Oif samerodne firer;
Shpilt zshe mir klezmorimlech
Dos zelbike, vi frier.
Yam tche, ram tcham . . .

Bait zshe mir ois a finf un
tzvantziker,
Oif samerodne tzener
Shpilt zshe mir klezmorimlech
Dos zelbike, nor shener.
Yam tche, ram tcham . . .

בייט־זשע מיר אויס אַ פינף און
צוואַנציקער,
אויף סאַמעראָדנע דרייער;
שפּילט־זשע מיר כלי־זמרימלעך
אַ לידעלע, אַ טייער,
יאַם, טשע, ראַם טשאַם...

בייט־זשע מיר אויס אַ פינף און
צוואַנציקער,
אויף סאַמעראָדנע פירער,
שפּילט־זשע מיר כלי־זמרימלעך
דאָס זעלביקע, ווי פריער.
יאַם, טשע, ראַם טשאַם...

בייט־זשע מיר אויס אַ פינף און
צוואַנציקער,
אויף סאַמעראָדנע צענער,
שפּילט־זשע מיר כלי־זמרימלעך
דאָס זעלביקע, נאָר שענער.
יאַם, טשע, ראַם טשאַם...

# Di Verbe — די ווערבע

ווערטער: ח. נ. ביאַליק — פאָלקס־מעלאָדיע




Nit baitog un nit bainacht, } 2
Gei ich arum fartracht; }
nit oif barg un nit oif tol
Shteit a verbe fun amol.

ניט בייטאָג און ניט בייגאַכט, } 2
גיי איך אַרום פאַרטראַכט ; }
ניט אויף באַרג און ניט אויף טאָל
שטייט אַ ווערבע פון אַמאָל.

A g'virte a groise,
Iz di verbe, altzding veist zi
Bai der verbe vel ich vegn } 2
Main bashertn take fregn. }

אַ גבירהטע, אַ גרויסע,
איז די ווערבע, אַלצדינג ווייסט זי.
ביי דער ווערבע וועל איך וועגן } 2
מיין באַשערטן טאַקע פרעגן. }

Un zi vet mir altz dertzeiln,
Tzi main gelibter kumt fun Poiln
Tzi fun Lite, tzi fun Zamet } 2
A bankir tzi a melamed. }

און זי וועט מיר אַלץ דערציילן,
צי מיין געליבטער קומט פון פוילן,
צי פון ליטע, צי פון זאַמוט } 2
אַ באַנקיר, צי אַ מלמד. }

Tzi a blonder, a bruneter
A bocher, tzi a gegeter
Un efsher gor an altn yidn } 2
Bin ich take nit tzufridn. }

צי אַ בלאָנדער, אַ ברונעטער
אַ בחור, צי אַ געגט'ער.
און אפשר גאָר אַן אַלטן יידן } 2
בין איך טאַקע ניט צופרידן. }

Ich vel zogn, tate, toit mich,
Nor nit tzum shidach neit mich,
Oy, ch'vel dos nit oishaltn. } 2
Ch'vil take nit kain altn. }

איך וועל זאָגן: טאַטע, טויט מיך,
נאָר ניט צום שידוך נייט מיך.
אוי, כ'וועל דאָס ניט אויסהאַלטן } 2
כ'וויל, טאַטע, ניט קיין אַלטן. }

# Vos Zhe Vilstu? וואָס זשע ווילסטו?

(פאָלקס־ליד)




Vos zshe vilstu (2)
A shnaider far a man?
—A shnaider far a man vil
ich nit,
A shnaiders a tochter bin ich nit.
Kleider neyen ken ich nit.

Ze ich mir a shtein
Zetz ich zich un vein.
Ale meidlech hobn chasene } 2
Nor ich blaib alein.

Vos zshe vilstu (2)
A shuster far a man?
—A shuster far a man vil
ich nit,
A shusters a tochter bin ich nit,
Dratves tzien ken ich nit.

Ze ich mir . . .

Vos zshe vilstu (2)
A lerner far a man?
—A lerner far a man vil ich doch,
—A lerners a tochter bin ich doch,
Toire lernen ken ich doch.

וואָס זשע ווילסטו (2)
אַ שניידער פֿאַר אַ מאַן ?
— אַ שניידער פֿאַר אַ מאַן וויל
איך ניט,
אַ שניידערס אַ טאָכטער בין איך ניט,
קליידער נייען קען איך ניט.

זע איך מיר אַ שטיין
זעץ איך זיך און וויין.
אַלע מיידעלעך האָבן חתונה } 2
נאָר איך בלייב אַליין.

וואָס זשע ווילסטו (2)
אַ שוסטער פֿאַר אַ מאַן ?
— אַ שוסטער פֿאַר אַ מאַן וויל
איך ניט,
אַ שוסטערס אַ טאָכטער בין איך ניט,
דראַטוועס נייען קען איך ניט.

זע איך מיר . . .

וואָס זשע ווילסטו (2)
אַ לערנער פֿאַר אַ מאַן ?
—אַ לערנער פֿאַר אַ מאַן וויל איך דאָך,
אַ לערנערס אַ טאָכטער בין איך דאָך,
תורה לערנען קען איך דאָך.

Ze ich mir a shtein
Zetz ich mir un vein.
Ale meidlech hobn chasene } 2
Un ich oich mit zei. }

זע איך מיר אַ שטיין
זעץ איך זיך און וויין.
אַלע מיידעלעך האָבן חתונה } 2
און איך אויך מיט זיי. }

# Gei Ich Mir Shpatzirn

# גיי איך מיר שפּאַצירן

(פאָלקס־ליד)




Gei ich mir shpatzirn, } 2
Tra-la-la-la-la-la. }
Bagegnt mich a bocher,
a-ha, a-ha! (2)

Er zogt er vet mich nemen } 2
Tra-la-la-la-la-la. }
Er leigt es op oif zumer,
a-ha, a-ha! (2)

Der zumer iz gekumen } 2
Tra-la-la-la-la-la. }
Er hot mich nit genumen,
a-ha, a-ha! (2)

Itzt vil er mich shoin nemen } 2
Tra-la-la-la-la-la. }
Itzt vil ich im nit kenen,
a-ha, a-ha! (2)

גיי איך מיר שפּאַצירן, } 2
טראַ, לאַ, לאַ, לאַ, לאַ... }
באַגעגנט מיך אַ בחור,
אַהאַ! ־אַהאַ! (2)

ער זאָגט ער וועט מיך נעמען } 2
טראַ, לאַ, לאַ, לאַ, לאַ... }
ער לייגט עס אָפּ אויף זומער,
אַהאַ! ־אַהאַ! (2)

דער זומער איז געקומען, } 2
טראַ, לאַ, לאַ, לאַ, לאַ... }
ער האָט מיך ניט גענומען,
אַהאַ! ־אַהאַ! (2)

איצט וויל ער מיך שוין נעמען } 2
טראַ, לאַ, לאַ, לאַ, לאַ... }
איצט וויל איך אים ניט קענען,
אַהאַ! ־אַהאַ! (2)

# Unter A Klein Beimele

# אונטער א קליין ביימעלע

(פאָלקס־ליד)




| | |
|---|---|
| Unter a klein beimele<br>Zitzn yingelech tzvei<br>Zei reidn fun a meidele } 2<br>Kein zach kimert zei. } | אונטער אַ קליין ביימעלע<br>זיצן יינגלעך צוויי.<br>זיי ריידן פון אַ מיידעלע } 2<br>קיין זאַך קימערט זיי. } |
| Dertzeilt einer di nisimlech<br>Vos er hot gehat<br>Chapt der anderer arois<br>Dertzeilt es akurat. | דערציילט איינער די נסימלעך<br>וואָס ער האָט געהאַט,<br>כאַפּט דער אַנדערער אַרויס<br>דערציילט עס אַקוראַט. |
| Unter a klein . . . | אונטער אַ קליין, א. א. וו. |
| Er flegt, zogt er, gantze teg<br>Umgein nit gegesn,<br>Dortn vu zi hot gevoint<br>Shoen opgezesn. | ער פלעגט, זאָגט ער, גאַנצע טעג<br>אומגיין ניט געגעסן,<br>דאָרטן וואו זי האָט געוואוינט<br>שעה'ן אָפּגעזעסן. |
| Unter a klein . . . | אונטער אַ קליין, א. א. וו. |
| Shturem vintn, regn, shnei,<br>Kein zach opgeshrokn,<br>Un di mame in der heim<br>Gevart hot mit a flokn. | שטורם־ווינטן, רעגן, שניי,<br>קיין זאַך אָפּגעשראָקן,<br>און די מאַמע, אין דער היים,<br>געוואַרט האָט מיט אַ פלאָקן. |
| Unter a klein . . | אונטער אַ קליין, א. א. וו. |

# Her Nor, Du Shein Meidele הער נאר, דו שיין מיידעלע

(פאָלקס ליד)




Her nor, du shein meidele,
Her nor, du fain meidele,
Vos vestu ton in aza vaitn
land? (2)
Ich vel gein in ale gasn
Ich vel shrayen vesh tzu vashn
Abi mit dir tzuzamen zain (2)

Her nor, du shein meidele,
Her nor, du fain meidele,
Vos vestu ton in aza vaitn
land? (2)
Ich vel esn trukn broit,
Ich vel laidn hunger, noit,
Abi mit dir tzuzamen zain (2)

הער נאָר, דו שיין מיידעלע,
הער נאָר, דו פיין מיידעלע,
וואָס וועסטו טאָן אין אַזאַ ווייטן
לאַנד ? (2)
איך וועל גיין אין אַלע גאַסן,
איך וועל שרייען וועש צו וואַשן,
אַבי מיט דיר צוזאַמען זיין (2)

הער נאָר, דו שיין מיידעלע,
הער נאָר, דו פיין מיידעלע,
וואָס וועסטו עסן אין אַזאַ ווייטן
לאַנד ? (2)
איך וועל עסן טרוקן ברויט,
איך וועלליידן הונגער, נויט,
אַבי מיט דיר צוזאַמען זיין (2)

# Du, Du

# דו, דו

ווערטער : עליזה גרינבלאַט




Ch'gei arum baim breg fun yam
Un zuch dich altz arum.
A shtile ch'valie murmlt koim
Der tzoiber fun dain shtim.
Du, du, fun ale tzarte blumen
Du, du, du, du, fun ale
maine troymen, du, du. } 2 {

כ׳גיי אַרום ביים ברעג פון ים
און זוך דיך אַלץ אַרום.
אַ שטילע כוואַליע מורמלט קוים
דער צויבער פון דיין שטים.
דו, דו, פון אַלע צאַרטע בלומען,
דו, דו, דו, דו, פון אַלע מיינע
טרוימען, דו, דו.

Shpreiten zich di himlen ois
Het gantz vait avek,
Kumt a vintele tzugein
Un klapt on baim breg.

שפרייטן זיך די הימלען אויס
העט גאַנץ אַוועק,
קומט אַ ווינטעלע צו גיין
און קלאַפּט אָן ביים ברעג.

Du, du, etc. . . .

דו, דו, א. א. וו.

Soidn zich di vintlech shtil
Mit getlechn gezang
Un in hartzn tif ba mir
Flatert a farlang.

סודן זיך די ווינטלעך שטיל
מיט געטלעכן געזאַנג
און אין האַרצן טיף ביי מיר
פלאַטערט אַ פאַרלאַנג.

Du, du, etc. . . .

דו, דו, א. א. וו.

Nemt main benkshaft
vintlech oif
Un trogt avek a grus
Zogt im az ich benk azoi
Ch'gei fun benkshaft ois.

נעמט מיין בענקשאַפט ווינטלעך אויף
און טראָגט אַוועק אַ גרוס,
זאָגט אים, אַז איך בענק אַזוי
כ׳גיי פון בענקשאַפט אויס.

# A Meidl in Di Yorn — א מיידל אין די יאָרן

(פאָלקס ליד)




Ich bin shoin a meidl in di yorn
Vos hostu mir fardreit main kop,
Ich volt doch shoin lang a
  kale gevorn
Un efsher take chasene gehat. } 2

איך בין שוין אַ מיידל אין די יאָרן,
וואָס האָסטו מיר פאַרדרייט מיין קאָפּ.
איך וואָלט דאָך שוין לאַנג אַ כלה
געוואָרן
און אפשר טאַקע חתונה געהאַט. } 2

Tomer geit es dir in nadn,
Di mame vet farkoifn di shtub.
Lomir beide chasene hobn
Vail ich hob dich azoi lib.

טאָמער גייט עס דיר אין נדן,
די מאַמע וועט פאַרקויפן די שטוב.
לאָמיר ביידע חתונה האָבן,
ווייל איך האָב דיך אַזוי ליב.

Tomer geit es dir in yiches,
Main zeide iz gevezn a rov.
Main tate iz gevezn der
  shenster yid in shtetl
Un zol shoin nemen a sof. } 2

טאָמער גייט עס דיר אין יחוס,
מיין זיידע איז געוועזן אַ רב.
מיין טאַטע איז געוועזן דער שענסטער
איד אין שטעטל
און זאָל שוין נעמען אַ סוף. } 2

# Lomir Zich Iberbetn

# לאָמיר זיך איבערבעטן

(פֿאָלקס ליד)




Lomir zich iberbetn, iberbetn,
Shtel dem samovar (2)
Lomir zich iberbetn } 2
Zai zhe nisht kain nar. }

Lomir zich iberbetn, iberbetn,
Koif a por marantzn (2)
Lomir zich iberbetn } 2
Lomir gein tantzn }

Lomir zich iberbetn, iberbetn,
Vos shteistu ba der tir? (2)
Lomir zich iberbetn } 2
Gib a kuk oif mir }

Lomir zich iberbetn, iberbetn,
Hob oif mir rachmones (2)
Lomir zich iberbetn } 2
Ch'hob dich lib sakones }

Lomir zich iberbetn, iberbetn,
Ch'bet dich zai mir moichl (2)
Lomir zich iberbetn } 2
Gib tzu mir a shmeichl. }

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
שטעל דעם סאַמאָוואַר, (2)
לאָמיר זיך איבערבעטן } 2
זיי זשע נישט קיין נאַר. }

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
קויף אַ פּאָר מאַראַנצן, (2)
לאָמיר זיך איבערבעטן } 2
לאָמיר גיין טאַנצן. }

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
וואָס שטייסטו באַ דער טיר? (2)
לאָמיר זיך איבערבעטן } 2
גיב אַ קוק אויף מיר. }

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
האָב אויף מיר רחמנות. (2)
לאָמיר זיך איבערבעטן } 2
כ׳האָב דיך ליב סכנות. }

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
כ׳בעט דיך זיי מיר מוחל. (2)
לאָמיר זיך איבערבעטן } 2
גיב צו מיר אַ שמייכל. }

# Vu Bistu Geven — וואו ביסטו געווען?

(פאָלקס ליד)




Vu bistu geven
Ven gelt is geven
Un der nadn iz gelegn oifn tish?
Haint bistu do,
Az kain gelt iz nito
Un dos lebn iz gevorn azoi mis.
Tra-la, etc.

וואו ביסטו געווען
ווען געלט איז געווען
און דער נדן איז געלעגן אויפן טיש ?
היינט ביסטו דאָ,
אַז קיין געלט איז ניטאָ
און דאָס לעבן איז געוואָרן אַזוי מיאוס.
טראַ, לא . . . . . . .

Vu bistu geven
Az di yugnt iz geven
Un dos lebn iz geven tzuker zis?
Haint bistu do,
Az di hor zainen gro
Un dos lebn iz gevorn azoi mis.
Tra, la, la, etc.

וואו ביסטו געווען
ווען די יוגנט איז געווען
און דאָס לעבן איז געווען צוקער זיס ?
היינט ביסטו דאָ,
אַז די האָר זיינען גראָ
און דאָס לעבן איז געוואָרן אַזוי מיאוס.
טראַ, לא . . . . . . .

Vu bistu geven
Ven di yugnt iz geven
Un dos hartz hot mit libe
gebrent?
Haint bistu do,
Az der kop iz shoin gro
Un es tzitern ba mir shoin
di hent.

וואו ביסטו געווען
ווען די יוגנט איז געווען
און דאָס האַרץ האָט מיט ליבע
געברענט ?
היינט ביסטו דאָ,
אַז דער קאָפּ איז שוין גראָ
און עס ציטערן באַ מיר שוין די הענט.

# Undzer Nigndl

# אונדזער ניגונדל

(פאָלקס ליד)




Hobn mir a nigndl
In naches un in freidn (2)
Zingen mir es ba di zmires
Klingt es azoi shein
Dos hot noch gezungen
Di bobe mit dem zeidn
Ven zei zainen kinder noch
geven.
Tra, la, la, etc.

Hobn mir a nigndl
Zingen mir tzuzamen (2)
Zingen mir es, ba di zmires,
Klingt es azoi shein,
Dos hot noch gezungen
Der tate mit der mamen,
Ven zei zainen kinder noch
geven.
Tra, la, la, etc.

האָבן מיר אַ ניגונדל
אין נחת און אין פריידן. (2)
זינגען מיר עס, באַ די זמירות,
קלינגט עס אַזוי שיין.
דאָס האָט נאָך געזונגען
די באָבע מיט דעם זיידן,
ווען זיי זיינען קינדער נאָך געווען
טראַ, לאַ, לאַ, א. א. וו.

האָבן מיר אַ ניגונדל
זינגען מיר צוזאַמען. (2)
זינגען מיר עס, באַ די זמירות,
קלינגט עס אַזוי שיין.
דאָס האָט נאָך געזונגען
דער טאַטע מיט דער מאַמען,
ווען זיי זיינען קינדער נאָך געווען
טראַ, לאַ, לאַ, א. א. וו.

(פאָרזעצונג)

Hobn mir a nigndl
Mit mazl un mit broche (2)
Zingen mir es ba di zmires
Klingt es azoi shein,
Dos hot noch gezungen
Di gantze mishpoche
Ven zei zainen kinder noch
  geven.
Tra, la, la, etc.

האָבן מיר אַ ניגונדל
מיט מזל און מיט ברכה. (2)
זינגען מיר עס, באַ די זמירות,
קלינגט עס אַזוי שיין.
דאָס האָט נאָך געזונגען
די גאַנצע משפחה,
ווען זיי זיינען קינדער נאָך געווען.
טראַ, לאַ, לאַ, א. א. וו.

# Fisher Lid

# פישער ליד

ווערטער און מוזיק : עליזה גרינבלאַט




Fort a fisher oifn̈ yam,
Er fort arois baginen,
S'hoft der fisher min hastam
Fishelech gefinen.
Tra-la-la-la-la-la-la-la } 2
Fishelech gefinen. }

פאָרט אַ פישער אויפן ים,
ער פאָרט אַרויס באַגינען,
ס'האָפט דער פישער מן הסתם
פישעלעך געפינען.
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ } 2
פישעלעך געפינען. }

Kumt der fisher troyerik,
Er hot kain fish gefangen,
Un ich bin more sh'choiredik,
A cholen iz fargangen.
Tra-la-la-la-la-la-la-la } 2
A cholen iz fargangen. }

קומט דער פישער טרויעריק,
ער האָט קיין פיש געפאַנגען,
און איך בין מרה שחורה'דיק,
אַ חלום איז פאַרגאַנגען.
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ } 2
אַ חלום איז פאַרגאַנגען. }

# Chanele Lernt Loshn Koidesh
# חנהלע לערנט שוין לשון קודש

ווערטער : א. אלמי




Bin ich mir a lererl
Un lern loshn koidesh
Kumt tzu mir a Chanele
Lernen oifn choidesh,
A yetvider frimorgn
Zi kumt tzu mir tzu loifn,
Lern ich mit Chanelen
Oif a nayem oifn.

Rosh, fartaitsh ich Chanelen
Gletndik ir kepl,
Fregt zi vos tapuach meint —
Vaiz ich ir an epl.
Un az es kumt tzu dem
Shir Hashirim zogn
Heibn undzere hertzelech
Shtarker on tzu shlogn.

Kumt zi in frimorgn,
Zogt zi tzu mir Sholem!
Un az zi geit avek —
Blaib ich vi in cholem.
Es geit avek a voch —
Es geit avek a choidesh —
Un di sheine Chanele
Ken shoin loshn koidesh.

בין איך מיר אַ לערערל
און לערן לשון קודש,
קומט צו מיר אַ חנהלע
לערנען אויפן חודש.
אַ יעטווידער פרימאָרגן
זי קומט צו מיר צו לויפן,
לערן איך מיט חנהלען —
אויף אַ נייעם אופן.

ראש, פאַרטייטש איך חנהלען
גלעטנדיק איר קעפל,
פרעגט זי וואָס תפוח מיינט —
ווייז איך איר אַן עפל.
און אַז עס קומט צו דעם
שיר השירים זאָגן
הייבן אונדזערע הערצעלעך
שטאַרקער אָן צו שלאָגן.

קומט זי אין פרימאָרגן,
זאָגט זי צו מיר שלום!
און אַז זי גייט אַוועק —
בלייב איך ווי אין חלום.
עס גייט אַוועק אַ וואָך —
עס גייט אַוועק אַ חודש —
און די שיינע חנהלע
קען שוין לשון קודש.

# Ich Ken Es Nit Farshtein

# איך קען עס ניט פארשטיין

ווערטער: יהואש — מוזיק: סאלאמאן גאלוב

Kumt a foigl tzu main shoib
Klapt zi tzvei mol on.
Foigl klein, du foigl shein
Vos ken ich dir ton?
Tzvitz, tzvitz, tzvitz . . .
Un kein vort nit mein,
Tzvitz, tzvitz, tzvitz . . .
Ch'ken es nit farshtein.

Kum ich tzu a vaserl,
Her ich vi es shrait,
Vaser liber, zog mir vos
Dain geshrei badeit?
Pliu, pliu, pliu . . .
Un kein vort nit mein,
Pliu, pliu, pliu . . .
Ch'ken es nit farshtein.

קומט אַ פויגל צו מיין שויב
קלאַפּט זי צוויי מאָל אָן.
פויגל קליין, דו פויגל שיין
וואָס קען איך דיר טאָן?
צוויץ, צוויץ, צוויץ, א. א. וו.
און קיין וואָרט ניט מיין,
צוויץ, צוויץ, צוויץ, א. א. וו.
כ׳קען עס ניט פאַרשטיין.

קום איך צו אַ וואַסערל
הער איך ווי עס שרייט.
וואַסער ליבער, זאָג מיר וואָס
דיין געשריי באַדייט?
פליו, פליו, א. א. וו.
און קיין וואָרט ניט מיין,
פליו, פליו, א. א. וו.
כ׳קען עס ניט פאַרשטיין.

## Ich Ken Es Nit Farshtein

## איך קען עס ניט פאַרשטיין

(פאַרזעצונג)

Shushket zich dos gantze feld
Ven ich gei farbai
Zangen libe, zogt vos iz
Ayer shushkerai?
Shu, shu, shu . . .
Un kein vort nit mein,
Shu, shu, shu . . .
Ch'ken es nit farshtein.

שושקעט זיך דאָס גאַנצע פעלד
ווען איך גיי פאַרביי.
זאַנגען ליבע, זאָגט וואָס איז
אייער שושקעריי ?
שו, שו, א. א. וו.
און קיין וואָרט ניט מיין,
שו, שו, א. א. וו.
כ׳קען עס ניט פאַרשטיין.

## Oifn Veg

## אויפן וועג

ANDANTE CON MOTO

OI- FN VEG SHTEIT A BOIM SHTEIT ER AIN GE- BOI -GN
FORT A-YID KAIN E-RETZ YIS-ROEL MIT FAR-VEINTE- OI- GN
GOT GOT GROI-SER GOT SHOIN TZAIT TZU DAV-NEN- MIN-CHE AS
MIR VE-LN KU-MEN KAIN E- RETZ YIS-ROEL VET ZAIN SO-SN VE-
SIM-CHE LA LA LA LA LA etc

Oifn veg shteit a boim
Shteit er aingeboign
Fort a yid kein Eretz Yisroel
Mit farveinte oygn.

אויפן וועג שטייט אַ בוים
שטייט ער איינגעבויגן
פאָרט אַ ייד קיין ארץ ישראל
מיט פאַרוויינטע אויגן.

Got, Got groiser Got,
Shoin tzait tzu davnen Minche
Az mir veln kumen kain Eretz Isroel
Vet zain sosn vesimche.

גאָט, גאָט, גרויסער גאָט,
שוין צייט צו דאַוונען מנחה,
אַז מיר וועלן קומען קיין ארץ ישראל
וועט זיין ששון ושמחה.

# In Der Fintzter — אין דער פינצטער

ווערטער: זישע לאַנדוי




In der fintzter — zainen daine
  oign shener
In der fintzter — zainen daine
  hentlech klener
In der fintzter — vait fun dir
  mit shtiler ru
In der fintzter — veicher,
  tzarter, beigzamer bistu.

אין דער פינצטער — זיינען דיינע
  אויגן שענער,
אין דער פינצטער — זיינען דיינע
  הענטלעך קלענער,
אין דער פינצטער — ווייט פון דיר
  מיט שטילער רו,
אין דער פינצטער —ווייכער, צאַרטער
  בייגזאַמער ביסטו.

In der fintzter — iz dain ponim
  bleicher, bleicher.
In der fintzter — zainen daine
  finger bleicher.
In der fintzter — ven du
  machst di lodn tzu,
In der fintzter — veicher,
  tzarter, beigzamer bistu.

אין דער פינצטער — איז דיין פּנים
  בלייכער, בלייכער,
אין דער פינצטער — זיינען דיינע
  פינגער ווייכער,
אין דער פינצטער ווען דו מאַכסט די
  לאָדן צו,
אין דער פינצטער — ווייכער, צאַרטער
  בייגזאַמער ביסטו.

In der fintzter — iz dain ponim
  milder, milder,
In der fintzter — klapt dain
  hartz altz vilder.
In der fintzter — rufstu mich,
  ich veis nit vu,
In der fintzter — veicher,
  tzarter, beigzamer bistu.

אין דער פינצטער — איז דיין פּנים
  מילדער, מילדער,
אין דער פינצטער — קלאַפּט דיין
  האַרץ אַלץ ווילדער.
אין דער פינצטער רופסטו מיך איך
  ווייס ניט וואו,
אין דער פינצטער — ווייכער, צאַרטער
  בייגזאַמער ביסטו.

# Nit Geshlofn Nor Gevacht

# ניט געשלאפן נאר געוואכט

ווערטער : יהואש — מוזיק : ג. ל. זאַסלאַווסקי




Oifn koimen, oifn dach,
Haltn kleine feigelech vach
Mit di eigelech vinken zei
Fun levone trinken zei.

Ot azoi di gantze nacht,
Nit geshlofn, nor gevacht,
Biz der himl tzindt zich on
Vi di kam baim roitn hon.

Beimer shteien lebn shlach
Hobn zei aza min shprach
Veit a vintl hoidn zei
Geit a regn soidn zei.

Ot azoi di gantze nacht, etc.

אויפן קוימען, אויפן דאַך
האַלטן קליינע פייגעלעך וואַך,
מיט די אייגעלעך ווינקען זיי,
פון לבנה טרינקען זיי.

אָט אַזוי די גאַנצע נאַכט,
ניט געשלאָפן, נאָר געוואַכט,
ביז דער הימל צינדט זיך אָן
ווי די קאַםביים רויטן האָן.

ביימער שטייען לעבן שליאַך,
האָבן זיי אַזאַ מין שפּראַך,
ווייט אַ ווינטל, הוידן זיי,
גייט אַ רעגן סודן זיי,

אָט אַזוי די גאַנצע נאַכט. א. ז. וו.

# Tum Balalaike          טום באַלאַלייקע

(פאָלקס ליד)




Shteit a bocher un er tracht
Tracht un tracht a gantze nacht
Vemen tzu nemen un nit
farshemen
Tum bala tum bala tum
Balalaike (2)
Tum Balalaike shpil Balalaike
Tum Balalaike freilich zol zain.

שטייט אַ בחור און ער טראַכט,
טראַכט און טראַכט אַ גאַנצע נאַכט :
וועמען צו נעמען און ניט
פאַרשעמען (2)
טום באַלאַ, טום באַלאַ, טום
באַלאַלייקע (2)
טום באַלאַלייקע, שפּיל באַלאַלייקע
טום באַלאַלייקע, פריילעך זאָל זיין.

Meidl meidl, ch'vil bai dir fregn
Vos kon vaksn vaksn on regn
Vos kon brenen un nit oifhern
Vos kon benken veinen on trern

מיידל, מיידל, כ'וויל ביי דיר פרעגן :
וואָס קאָן וואַקסן, וואַקסן אָן רעגן ?
וואָס קאָן ברענען און ניט אויפהערן ?
וואָס קאָן בענקען, וויינען אָן טרערן ?

Narisher bocher, vos darfstu fregn
A shtein kon vaksn, vaksn on regn
Libe kon brenen un nit oifhern
A hartz kon benken, veinen on
trern.

נאַרישער בחור, וואָס דאַרפסטו
פרעגן ?
אַ שטיין קאָן וואַקסן, וואַקסן אָן רעגן.
ליבע קאָן ברענען און ניט אויפהערן,
אַ האַרץ קאָן בענקען, וויינען אָן
טרערן.

# Der Yid Der Shmid דער ייד דער שמיד

ווערטער: וואָלף יונין — מוזיק: וולאַדימיר חפץ

ALLEGRO

LO — MIR LO - MIR LO - MIR LO - MIR MA — CHN AN EI — GN LID

EINS TZVEI DRAI EINS TZVEI DRAI EINS TZVEI EINS TZVEI EINS TZVEI DRAI

VE— GN VE— GN VE— GN A YI - DN A YID A SHMID

IN ZAIN SHMID IN ZAIN SHMID IN ZAIN SHMI-DER SHMI-DER RAI RAI

RAI RAI RAI RAI RAI RAI IN ZAIN SHMI-DER SHMI-DE-RAI

RAI RAI RAI RAI RAI RAI IN ZAIN SHMI-DER SHMI-DE-RAI

CODA

YI— DISH LID DER— BAI

Lomir (4) machn an eign lid
Eins, tzvei, drai (2)
Eins Tzvei (2)
Eins Tzvei, Dray
Vegn, (3) a Yidn
A Yid a shmid
In zain shmid (2)
In zain shmiderai,
Rai (6)

Shmidt der Yid,
Der Yid, der shmid,
Eins tzvei drai (2)
Eins tzvei (2)
Eins tzvei drai
Un er (4)
Zingt zich tzu a lid
Yidish lid, (2)
Zingt a Yiddish lid derbai,
Rai (6)
Zingt a Yiddish lid derbai.

לאָמיר (4) מאַכן אַן אייגן ליד
איינס, צוויי דריי. (2)
איינס צוויי, איינס צוויי
איינס, צוויי, דריי,
וועגן (3) אַ יידן,
אַ ייד, אַ שמיד,
אין זיין שמיד (2)
אין זיין שמידעריי,
ריי (6).

שמידט דער ייד,
דער ייד, דער שמיד,
איינס צוויי דריי (2)
איינס צוויי (2)
איינס צוויי דריי,
און ער (4)
זינגט זיך צו אַ ליד,
יידיש ליד (2),
זינגט אַ יידיש ליד דערביי, ריי,
ריי (6)
זינגט אַ יידיש ליד דערביי.

# Arum Dem Fayer ארום דעם פייער

(פאָלקס ליד)

MODERATO

A - RUM DEM FA- YER — MIR ZIN-GEN LI - DER DI NACHT IS
TA- YER 'SIS- YE-DN LI- BER UN ZOL DER FA- YER FAR-LO-SHN
FINE
VE-RN SHAINT OIF DER HI-ML MIT ZAI-NE SHTE-RN, BAK-ROINT DI
NACHT — MIT BLU-MEN KRAN— TZN — A-RUM DEM FA-YER MIR VE-LN
TAN— TZN — VAIL TAN-TZN ZIN-GEN IS UN-DZER LE— BN — DER NOCH IN
SHLOF — CHA-LOI-MES VE- BN—
D.C. AL FINE

Arum dem fayer,
Mir zingen lider,
Di nacht is tayer
S'is yedn liber.
Di nacht is tayer,
Farloshn vern,
Shaint oif der himl
Mit zaine shtern,
Bakroint di nacht
Mit blumen krantzn,
Arum dem fayer
Mir veln tantzn.
Vail tantzn, zingen,
Is undzer lebn
Dernoch in shlof
Chaloimes vebn.

אַרום דעם פייער,
מיר זינגען לידער,
די נאַכט איז טייער,
ס'איז יעדן ליבער.
און זאָל דאָס פייער
פאַרלאָשן ווערן,
שיינט אויף דער הימל
מיט זיינע שטערן.
באַקרוינט די נאַכט
מיט בלומענקראַנצן,
אַרום דעם פייער
מיר וועלן טאַנצן.
ווייל טאַנצן, זינגען,
איז אונדזער לעבן
דערנאָך אין שלאָף
חלומות וועבן.

# ראָזשינקעס מיט מאַנדלען

# Rozhinkes Mit Mandlen

ווערטער און מוזיק: אַ. גאָלדפאַדן

*

p IN DEM BEIS HA- MIK-DOSH IN A VIN — KL CHEI-DER

ZITZT DI AL- MO - NE BAS TZI-YON A- LEIN IR BEN- YO - CHI-DL

YI -DE-LN VIGT ZI KE - SEI- DER UN ZINGT IM TZUM SHLO-FN A

LI - DE - LE OICH AH ——— UN-TER YIN- GE-LES

VI ——— GE- LE ——— SHTEIT A KLOR VAIS TZI ——— GE-

LE ——— DOS TZI- GE-LE IS GE-FO ——— RN HAND-LEN

DOS VET ZAIN DAIN BA— RUF——— RO- ZHIN-

KES ——— MIT MAND-LEN ——— SHLOF ZHE YIN- GE- LE

SHLOF ———

In dem Beis Hamikdosh,
In a vinkl cheider,
Zitzt di almone
Bas Tziyon alein.
Ir ben yochidl Yidelen,
Vigt zi keseider

אין דעם בית המקדש,
אין אַ ווינקל־חדר,
זיצט די אלמנה בת־ציון אַליין.
איר בן־יחידל, יידעלען,
וויגט זי כסדר

(המשך)

Un zingt im tzum shlofn
  A lidele oich. Ah, ah, ah.
Unter yingeles vigele,
Shteit a klor vais tzigele.
Dos tzigele is geforn handlen.
Dos vet zain dain baruf,
Rozhinkes mit mandlen,
Shlof zhe yingele shlof.

און זינגט אים צום שלאָפן
אַ לידעלע אויך. אַ...
אונטער יינגעלעס וויגעלע
שטייט אַ קלאָר ווייס ציגעלע,
דאָס ציגעלע איז געפאָרן האַנדלען.
דאָס וועט זיין דיין באַרוף,
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.
שלאָף זשע, יינגעלע, שלאָף.

# S'vet Noch Zain Gut ס'וועט נאך זיין גוט

פאָלקס ליד




S'vet noch zain gut
Gut, gut, gut,
S'vet noch zain,
  S'vet noch zain gut,
S'vet noch zain (4) gut
Zeier gut.

ס'וועט נאָך זיין גוט
גוט, גוט, גוט.
ס'וועט נאָך זיין, ס'וועט נאָך זיין גוט,
ס'וועט נאָך זיין (4) גוט
זייער גוט.

# Unter Di Grininke Boimelech

# אונטער די גרינינקע בוימעלעך

ווערטער: ח. נ. ביאַליק — מוזיק: פּלאַטאָן ברונאָף




Unter di grininke boimelech
Shpiln zich Moishelech,
  Shloimelech,
Tzitzes, kapotkelech, peielech,
Yidelech frish fun di eielech.
Gufimlech shtroi roich un
  federlech,
Nem un tzebloz zei oif fliderlech,
Chapn zei oif grine vintelech,
Un es tzetrogn zei feigelech.
Nor ein zach farmogn zei—
  eigelech,
Di eigelech farmogen tzvei
  pintelech,
Vos glien un finklen un tukn zich
Un epes vi neviesh un vunderlech,

אונטער די גרינינקע בוימעלעך
שפּילן זיך משה׳לעך, שלמה׳לעך,
ציצית, קאַפּאָטקעלעך, פּאה׳לעך,
יידעלעך פריש פון די אייעלעך.
גופימלעך שטרוי, רויך און פעדערלעך,
נעם און צעבלאָז זיי אין גלידערלעך,
כאַפּן זיי אויף גרינע ווינטעלעך,
און עס צעטראָגן זיי פייגעלעך.
נאָר איין זאַך פאַרמאָגן זיי —
אייגעלעך,
די אייגעלעך פאַרמאָגן צוויי
פינטעלעך,
וואָס גליען און פינקלען און טוקן
זיך
און עפּעס ווי נביא׳יש און
וואונדערלעך,

(המשך)

Fartrachtn zich tif un farkukn zich
Oif nechtike teg un oif feigelech
Oy mir zol zain Yiddishe kinderlech
Far ayere koshere eigelech.

פאַרטראַכטן זיך טיף און פאַרקוקן זיך
אויף נעכטיקע טעג און אויף פייגעלעך.
אוי, מיר זאָל זיין יידישע קינדערלעך,
פאַר אייערע כשר׳ע אייגעלעך.

# Erev Friling

# ערב פרילינג

ווערטער: אַ. רייזען — מוזיק: וולאַדימיר חפץ




Der friling is nito noch,
Er halt noch ersht in gang,
Noch eider er kumt on noch
Derhert men zain gezang.
A foigl in der luftn,
Vos flit in guter sho —
Hoibt on zich tzu duchtn,
Az friling is shoin do.
Der friling is nito noch,
Er halt noch ersht in gang,
Noch eider er kumt on noch
Derhert men zain gezang.
Di kinder kegn iber,
Vos yogn um farshayt,
A tzeichn oich a liber,
Der friling is nit vait!

דער פרילינג איז ניטאָ נאָך,
ער האַלט נאָך ערשט אין גאַנג,
נאָך איידער ער קומט אָן נאָך
דערהערט מען זיין געזאַנג.
אַ פויגל אין דער לופטן,
וואָס פליט אין גוטער שעה —
הויבט אָן דיר צו דוכטן,
אַז פרילינג איז שוין דאָ.
דער פרילינג איז ניטאָ נאָך,
ער האַלט נאָך ערשט אין גאַנג,
נאָך איידער ער קומט אָן נאָך
דערהערט מען זיין געזאַנג.
די קינדער קעגן איבער,
וואָס יאָגן אום פאַרשייט,
אַ צייכן אויך אַ ליבער,
דער פרילינג איז ניט ווייט!

# Viglid

# וויג ליד

ווערטער : אַ. קאַהאַן — מוזיק : ש. בוגאַטש




S'hot der vintl zich geshtilt,
Ovnt hot di erd gehilt
Shterndlech mit zeier shain
Vinken dir shlof ain, shlof ain.

Far dain goirl shrek zich nit,
Ich, dain mame, hit dich, hit,
Ich, dain mame, zingt dir tzu
Ai, liu, liu, etc.

Ver es veis fun noit un pain
Darf di nacht a ru im zain,
Altz vos otemt oif der erd
Shloft shoin zis un umgeshtert.

S'drimlen feigl, blum un vint,
Ru un shlof du oich, main kind.
Ich vel ophitn dain ru,
Ai, liu, liu, etc.

Shlof, shlof ai, liu, liu, liu, liu

ס'האָט דערווינטל זיך געשטילט,
אָוונט האָט די ערד געהילט,
שטערנדלעך מיט זייער שיין,
ווינקען דיר, שלאָף איין, שלאָף איין.

פאַר דיין גורל שרעק זיך ניט,
איך, דיין מאַמע, היט דיך, היט,
איך, דיין מאַמע, זינגט דיר צו
אַיי, ליו, ליו, ליו, ליו, ליו, ליו.

ווער עס ווייסט פון נויט און פיין
דאַרף די נאַכט אַ רו אים זיין,
אַלץ וואָס אָטעמט אויף דער ערד
שלאָפט שוין זיס און אומגעשטערט.

ס'דרימלען פייגל, בלום און ווינט,
רו און שלאָף דו אויך, מיין קינד.
איך וועל אָפּהיטן דיין רו,
איי, ליו, ליו, ליו, ליו, ליו, ליו,

שלאָף, שלאָף, איי, ליו, ליו, ליו, ליו.

# Du Fregst Mich

# דו פרעגסט מיך

ווערטער: אַברהם רייזען — מוזיק: סידאָר בעלאַרסקי

Du fregst mich, main fraint,
Vi alt ich bin shoin?
Ich volt es dir gern dertzeilt,
Nor gloib mir, main fraint,
Ich veis nit alein,
Es hot nit geloint zich tzu tzeiln.

דו פרעגסט מיך, מיין פריינט,
ווי אַלט איך בין שוין?
איך וואָלט עס דיר גערן דערציילט,
נאָר גלויב מיר, מיין פריינט,
איך ווייס ניט אַליין,
עס האָט ניט געלוינט זיך צו ציילן.

Der karger tzeilt gelt,
Der gliklecher — teg;
Me tzeilt vos is lib vos is tayer.

דער קאַרגער ציילט געלט,
דער גליקלעכער — טעג;
מע ציילט וואָס איז ליב, וואָס איז
טייער.

(המשך)

Main lebn, o fraint,
Is a vist langer veg,
Un punkt far a yorn vi hai yor.

Oib lebn heist laidn,
Dan leb ich shoin lang,
Dan hob ich genug zei, di yorn.
Oib lebn heist hern
Fun glik chotch a klang,
Dan bin ich noch gor nit geboirn.

מיין לעבן, אָ פריינט,
איז אַ וויסט לאַנגער וועג,
און פונקט פאַראַיאָרן ווי הײַ יאָר.

אויב לעבן הייסט ליידן,
דאַן לעב איך שוין לאַנג,
דאַן האָב איך גענוג זיי, די יאָרן.
אויב לעבן הייסט הערן
פון גליק כאָטש אַ קלאַנג,
דאַן בין איך נאָך ניט געבוירן.

# Zol Zain

# זאָל זיין

ווערטער : י. פאַפּערניקאָוו




Zol zain az ich boi in der luft
  Maine shleser,
Zol zain az main Got
  Is in gantzn nito.
In troim is mir heler,
In troim is mir beser.
In cholem der himl noch
  bloyer fun bloi.
Zol zain as ch'vel kain mol
  Tzum tzil nit derlangen,
Zol zain az main shif vet nit
  Kumen tzum breg.
Mir geyt nit in dem ich zol
  Hobn dergangen;
Mir geit nor in gang oif
  A zunikn veg.

זאָל זיין, אַז איך בוי אין דער לופט
  מיינע שלעסער,
זאָל זיין, אַז מיין גאָט
איז אין גאַנצן ניטאָ.
אין טרוים איז מיר העלער,
אין טרוים איז מיר בעסער,
אין חלום דער הימל —
נאָך בלויער פון בלוי.
זאָל זיין, אַז כ'וועל קיין מאָל
צום ציל ניט דערלאַנגען,
זאָל זיין, אַז מיין שיף
וועט ניט קומען צום ברעג.
מיר גייט ניט אין דעם,
איך זאָל האָבן דערגאַנגען.
מיר גייט נאָר אין גאַנג
אויף אַ זוניקן וועג.

# Zol Shoin Kumen Di Geule

# זאל שוין קומען די גאולה

ווערטער : ש. קאַטשערגינסקי — פאָלקס־מעלאָדיע




Zol shoin kumen di geule (3)
Moshiach kum shoin bald!

Ongezolet oifn hartzn
Macht men a lechayim,
Un az umet lozt nit ruen
Zingen mir a lid.
Az s'is nito kain bronfn
Muz men trinken mayim,
Mayim chayim is doch chayim,
Vos darf noch der Yid?

Zol shoin kumen, etc.

Tantzn beimer in di velder,
Shtern oifn himl,
Reb Yisrolik der mechutn
Dreit zich in der mit.

זאָל שוין קומען די גאולה (3)
משיח, קום שוין באַלד !

אָנגעזאָלעט אויפן האַרצן
מאַכט מען אַ לחיים,
און אַז אומעט לאָזט ניט רוען
זינגען מיר אַ ליד.
אַז ס'איז ניטאָ קיין בראָנפן
מוז מען טרינקען מים,
מים חיים איז דאָך חיים,
וואָס דאַרף נאָך דער איד ?

זאָל שוין קומען אא"וו

טאַנצן ביימער אין די וועלדער,
שטערן אויפן הימל,
ר' ישראליק דער מחותן
דרייט זיך אין דער מיט.

(המשך)

S'vet zich oifchapn Moshiach
Fun zain tifn driml
Un derhern undzer tfiledike lid.

ס׳וועט זיך אויפכאַפּן משיח
פון זיין טיפן דרימל
און דערהערן אונדזער תפילה׳דיקע ליד.

Zol shoin kumen, etc.

זאָל שוין קומען או״וו

Es is a dor fun kule chayev,
Zait nit kain naronim,
Un funem zindikn Moshiach
  Kumen vet.
O, tateniu in himl es betn
  Bnei rachmonim,
Ze az Moshiach zol nit kumen
  A bisele tzu shpet.

עס איז אַ דור פון כולו חייב,
זייט ניט קיין נאַראָנים,
און פונעם זינדיקן — משיח קומען
וועט.
אָ, טאַטעניו אין הימל, עס בעטן
בני רחמנים,
זע, אַז משיח זאָל ניט קומען
אַ ביסעלע צו שפּעט.

# Zun In Mariv

# זון אין מערב

ווערטער: י. ראַלניק — מוזיק: וולאַדימיר חפץ




Zun in mariv zetzt zich gich,
Vos darf noch a mentch, vi ich?
Lider, kleine lider,

זון אין מערב זעצט זיך גיך,
וואָס דאַרף נאָך אַ מענטש, ווי איך ?
לידער, קליינע לידער.

Nit faranen oif der erd
Noch a freid vi di vos vert
Oifgedekt durch lider,

ניט פאַראַנען אויף דער ערד
נאָך אַ פרייד, ווי די וואָס ווערט
אויפגעדעקט דורך לידער.

Ver veist morgndikn tog?
Lider altz vos ich farmog
Zoln blaibn lider,

ווער ווייסט מאָרגנדיקן טאָג ?
לידער, אַלץ וואָס איך פאַרמאָג,
זאָלן בלייבן לידער.

# טראַדיציאַנעלע,
# חסידישע לידער
# און ניגונים



# TRADITIONAL,
# CHASSIDIC SONGS
# AND MELODIES

# Hiney Ma Tov הִנֵּה מַה טּוֹב

No. 1

No. 2

| | |
|---|---|
| Hinei ma tov uma noyim | הִנֵּה מַה טּוֹב וּמַה נָּעִים |
| Sheves achim gam yachad. | שֶׁבֶת אַחִים גַּם יָחַד. |

# V'taher Libeinu　　וְטַהֵר לִבֵּנוּ

No. 1

No. 2

| | | | |
|---|---|---|---|
| V'taher libeinu (3)<br>Leovdecho be-emes<br>La, la, la . . . . | 2 | 2 | וְטַהֵר לִבֵּנוּ (3)<br>לְעָבְדְּךָ בֶּאֱמֶת<br>לָ,לָ,לָ . . . . . |

# Am Yisroel Chai עַם יִשְׂרָאֵל חַי




Am Yisroel (2) chay,
Am Yisroel chay
Am Yisroel (2) chay,
Am Yisroel chay (3) } 2
Am Yisroel Chay. }

עַם יִשְׂרָאֵל (2) חַי
עַם יִשְׂרָאֵל חַי
עַם יִשְׂרָאֵל (2) חַי
2 { עַמְּךָ יִשְׂרָאֵל חַי (3)
{ עַם יִשְׂרָאֵל חַי.

# Hashiveinu

# הֲשִׁיבֵנוּ

Hashiveinu eilecho venoshuvo
Chadesh yomeinu k'kedem.
La, la, la . . . .
} 2

הֲשִׁיבֵנוּ אֵלֶיךָ וְנָשׁוּבָה
חַדֵּשׁ יָמֵינוּ כְּקֶדֶם.
לָ,לָ,לָ . . . . . .
} 2

# Hava Nagila הָבָה נָגִילָה

HO - VO NO - GI - LO HO - VO NO - GI - LO HO - VO NO - GI - LO
I 3 II 3
VE - NIS — ME - CHO VE - NIS - ME - CHO HO - VO NE - RA - NE - NO
FINE 3 I
HO - VO NE - RA - NE - NO HO - VO NE - RA - NE NO VE - NIS - ME - CHO
II 3
VE - NIS - ME - CHO U - RU U - RU A - CHIM U - RU ACHIM BE-LEV SO-ME ACH
RIT.
U - RU A - CHIM BE - LEV SO - MEI ACH U - RU A - CHIM U - RU A - CHIM BE -
LEV SO - MEI — ACH
D.C. AL FINE

| | |
|---|---|
| Hava nagila (3) } 2 | 2 { הָבָה נָגִילָה (3) |
| Venismecha | וְנִשְׂמְחָה. |
| Hava neranena (3) } 2 | 2 { הָבָה נְרַנְּנָה (3) |
| Venismecha | וְנִשְׂמְחָה. |
| Uru, uru achim | עוּרוּ, עוּרוּ אַחִים |
| Uru achim beleiv sameiach (4) | עוּרוּ אַחִים בְּלֵב שָׂמֵחַ (4) |
| Uru achim (2) | עוּרוּ אַחִים (2) |
| Beleiv sameiach. | בְּלֵב שָׂמֵחַ. |
| Hava nagila . . . | הָבָה נָגִילָה . . . . . . |

# Ovinu Malkenu — אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ

ANDANTE CON ANIMA

Ovinu malkeinu (2)
Asei imonu tzedoko vochesed
ovinu malkeinu
Choneinu vaneinu
Ki ein bonu maasim
} 2
Asei imonu tzedoko vochesed
Vehoshieinu.
} 2

אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ (2)
אָבִינוּ מַלְכֵּנוּ
חָנֵּנוּ וַעֲנֵנוּ
כִּי אֵין בָּנוּ מַעֲשִׂים.
} 2
עֲשֵׂה עִמָּנוּ צְדָקָה וָחֶסֶד
עֲשֵׂה עִמָּנוּ צְדָקָה וָחֶסֶד
וְהוֹשִׁיעֵנוּ.
} 2

# Haleluyo

# הַלְלוּיָהּ

הַמִּלִּים – תְּהִלִּים ק"נ

ANDANTE CON MOTO

HA- LE - LU.-YO HA-LE-LU-YO BE- TZIL -TZE-LE-SHO- MA

HA- LE- LU - YO HA- LE- LU - YO BE- TZIL -TZE- LEI SRU - O

KOL HAN- SHO - MO TE- HA- LEL YO — HA-LE-LU HALELU HALELUYO —

KOL HAN-SHO - MO TE- HA-LEL YO — HA-LE-LU HA-LE-LU HA-LE-LU-YO

Haleluyo, haleluyo,
Betziltzeley shoma,
Haleluyo, haleluyo,
Betziltzeley truo.
Kol hanshomo tehalel yo } 2
Halelu, halelu, haleluyo. }

הַלְלוּיָהּ, הַלְלוּיָהּ,
בְּצִלְצְלֵי שָׁמַע,
הַלְלוּיָהּ, הַלְלוּיָהּ,
בְּצִלְצְלֵי תְרוּעָה.
כֹּל הַנְּשָׁמָה תְּהַלֵּל יָהּ } 2
הַלְלוּ, הַלְלוּ, הַלְלוּיָהּ. }

## Karev Yom

## קָרֵב יוֹם

1) KA- REV YIOM KA - REV YIOM A- SHER HU LO YIOM VE LO LAI-LA
2) SHOM-RIM HAF-KED HAF-KED LE-YIR-CHO KOL HA-YIO —— VE-CHOL HA-LAI LA
1) RAM HODA - DA HO- DA HO-DA KI LE-CHA HA-YIOM AF LE-
2) TA- IR TA- IR TA- IR TA- IR TA IR KE-OR YIOM
1) CHA HA- LAI- LA,
2) CHESH-KAT LAI- LA.

| | | | |
|---|---|---|---|
| Karev yom (2)<br>Asher hu lo yom<br>Velo laila, | 2 | 2 | קָרֵב יוֹם (2)<br>אֲשֶׁר הוּא לֹא יוֹם<br>וְלֹא לַיְלָה. |
| Ram hoda (2)<br>Ki lecha hayom<br>Af lecha halaila. | 2 | 2 | רָם הוֹדַע (2)<br>כִּי לְךָ הַיּוֹם<br>אַף לְךָ הַלַּיְלָה. |

## Ken Yovdu

## כֵּן יֹאבְדוּ

הַמִּלִּים: שׁוֹפְטִים ה' – הַמַּנְגִּינָה: שׁ. לֵוִי

KEN YOV-DU KOL OI- VE-CHO KOL OI - VE-CHO KEN YOV- DU FINE
(CLAP) (CLAP)
TID - RE- CHI TID - RE- CHI
TID - RE - CHI NAF- SHI —— OZ

| | | | |
|---|---|---|---|
| Ken yovdu kol oivecho<br>Kol oivecho ken yovdu | 2 | 2 | כֵּן יֹאבְדוּ כָּל אוֹיְבֶיךָ<br>כָּל אוֹיְבֶיךָ כֵּן יֹאבְדוּ |
| Tidrechi (3)<br>Nafshi oz. | | | תִּדְרְכִי (3)<br>נַפְשִׁי עוֹז. |

# Sha Shtil

# שאַ שטיל

(פאָלקס ליד)




Sha, shtil, macht nit kain
 geruder
Der rebe geit shoin zingen vider
Sha, shtil, macht nit kain gevald
Der rebe geit shoin zingen bald;
Un az der Rebe zingt
Iz doch azoi zis.
Lomir ale ch'sidimlech
Tupen mit di fis.

Sha, shtil, macht nit kain
 geruder
Der rebe geit shoin tantzn vider
Sha, shtil, macht nit kein gevald
Der rebe geit shoin tantzn bald;
Un az der rebe tantzt
Tzitern di vent.
Lomir ale ch'sidimlech
Patchn mt di hent.

שאַ, שטיל, מאַכט ניט קיין גערודער
דער רבי גייט שוין זינגען ווידער.
שאַ, שטיל, מאַכט ניט קיין געוואַלט
דער רבי גייט שוין זינגען באַלד ;
און אַז דער רבי זינגט
איז דאָך אַזוי זיס.
לאָמיר אַלע חסידימלעך
טופּען מיט די פיס.

שאַ, שטיל, מאַכט ניט קיין גערודער
דער רבי גייט שוין טאַנצן ווידער
שאַ, שטיל, מאַכט ניט קיין געוואַלט
דער רבי גייט שוין טאַנצן באַלד ;
און אַז דער רבי טאַנצט
ציטערן די ווענט.
לאָמיר אַלע חסידימלעך
פּאַטשן מיט די הענט.

# Der Filozof

# דער פילאזאָף




Kum aher du filozof
Mit dain ketzishn moyachl,
Kum aher tzum Rebns tish
Un lern zich do seichl.
Bim, bam, bam, etc.

קום אַהער דו פילאָזאָף
מיט דיין קעצישן מוח׳ל,
קום אַהער צום רבינס טיש
און לערן זיך דאָ שכל.
בים, באַם, באַם, א. אַ. וו.

A damf shif hostu oisgetracht
Un nemst dermit zich iber;
Der Rebe shpreit zain tichl ois
Un geit dem yam ariber.
Bim, bam, bam, etc.

אַ דאַמף שיף האָסטו אויסגעטראַכט
און נעמסט דערמיט זיך איבער ;
דער רבי שפרייט זיין טיכל אויס
און גייט דעם ים אַריבער.
בים, באַם, באַם, א. אַ. וו.

An aiznban hostu oisgeklert
Un meinst du bist a choretz.
Der Rebe shpet, der Rebe lacht,
Er darf dos oif kapores.
Bim, bam, bam, etc.

אַן אייזנבאַן האָסטו אויסגעקלערט
און מיינסט דו ביסט אַ חרוץ.
דער רבי שפעט, דער רבי לאַכט,
ער דאַרף דאָס אויף כפרות.
בים, באַם, באַם, א. אַ. וו.

Tzi veistu den vos der Rebe tut
Beis er zitst biyechides?
In ein minut er in himl flit
Un pravet dort shalesh sudes.
Bim, bam, bam, etc.

צי ווייסטו דען וואָס דער רבי טוט
בעת ער זיצט ביחידות ?
אין איין מינוט ער אין הימל פליט
און פראַוועט דאָרט שלש סעודות.
בים, באַם, באַם, א. אַ. וו.

# Oy, Vei, Rabeniu — אוי, ווי רביניו




Oy, vei, rebeniu,
Ich shtei un tziter
Un in hartzn } 2
Brent a fayer. }
Ich vel zain a chosidl a guter } 2
A chosidl a getrayer. }

אוי, ווי, רביניו,
איך שטיי און ציטער
און אין האַרצן } 2
ברענט אַ פייער. }
איך וועל זיין אַ חסידל אַ גוטער, } 2
אַ חסיד אַ געטרייער. }

Ba, ba, ba, bam davnen
Vel ich zich shoklen,
Machn alerlei havayes (2)
Far dem rebn mit zayne ch'sidim } 2
Geit mir ois der chayes. }
Oy vei, etc.

באַ, באַ, באַ, באַם דאַווענען
וועל איך זיך שאָקלען,
מאַכן אַלערליי העוויות (2)
פאַר דעם רבין מיט זיינע חסידים } 2
גייט מיר אויס דער חיות. }
אוי, ווי, א. אַ. וו.

A volenem shalechl vel ich mir onton
Zumer in di greste hitzn (2)
A zaidenem gartl vel ich mir trogn, } 2
A mitzik mit zibetzik shpitzn. }

אַ וואָלענעם שאַלעכל וועל איך מיר אָנטאָן
זומער אין די גרעסטע היצן (2)
אַ זיידענעם גאַרטל וועל איך מיר טראָגן, } 2
אַ מיציק מיט זיבעציק שפיצן. }

# Oy, Vei, Tate

# אוי, וויי, טאטע

(חסידיש)




Oy, vei, tate,
Hartzediker foter,
Oy, vei, tate,
Yaba-bam (2)
Bom.
} 2

Bam
Yaba-bam (2)
Bam
Yaba-bam (2)
Bam (2)
Melech hamlochim.
} 2

Oy, vei, tate, etc.

אוי, וויי, טאַטע,
האַרצעדיקער פאָטער,
אוי, וויי, טאַטע,
יאַ, באַ, באַם (2)
באַם.
2 }

באַם
יאַ, באַ, באַם (2)
באַם
יאַ, באַ, באַם (2)
באַם (2)
מלך המלכים.
2 }

אוי, וויי, טאַטע, א. אַ. וו.

# A Zemer

# א זמר

ווערטער : אַהרן צייטלין — מוזיק : שמואל בוגאַטש

Bom bom bi-ri-bi-ri-bom
Bim bom bim bom bi-ri-bi-ri bom } 2

באָם, באָם, בירי בירי באָם
בים באָם בים באָם בירי בירי באָם } 2

Zogt der rebe reb Moteniu
A gut morgn dir, Goteniu,
Nem arop fun undz dain kaas
Vet men ton kedin un kedas. } 2

זאָגט דער רבי, ר' מאָטעניו,
אַ גוט מאָרגן דיר, גאָטעניו,
נעם אַראָפּ פון אונדז דיין כעס
וועט מען טאָן כדין וכדת. } 2

Oy, tzadikim, tzadikim geyen bom,
Oy, reshoim, reshoim faln bom
Bom, bom, etc.

אוי, צדיקים, צדיקים גייען באָם,
אוי, רשעים, רשעים פאַלן באָם
באָם, באָם, א. אַ. וו.

Zogt der rebe reb Moteniu,
A got helf dir Goteniu,
Der tog is heis, di milchome iz shver
Nor men lozt nit arois dos gever. } 2

זאָגט דער רבי, ר' מאָטעניו,
אַ גאָט העלף דיר, גאָטעניו,
דער טאָג איז הייס, די מלחמה איז שווער,
נאָר מען לאָזט ניט אַרויס דאָס געווער. } 2

Oy, tzadikim, etc.

אוי, צדיקים, א. אַ. וו.

Zogt der rebe reb Moteniu
A gut novnt dir Goteniu,
Der tog iz avek, ich hob altz gemacht (2)
Gib mir a gute nacht. } 2

זאָגט דער רבי, ר' מאָטעניו,
אַ גוטן אָוונט דיר, גאָטעניו,
דער טאָג איז אַוועק, איך האָב אַלץ געמאַכט (2)
גיב מיר אַ גוטע נאַכט. } 2

Oy, tzadikim, etc.

אוי, צדיקים, א. אַ. וו.

# Lomir Freilech Zain לאמיר פריילעך זיין

(חסידיש)

CON SPIRITO

LO- MIR A - LE A - LE IN EI - NEM LO - MIR A - LE A - LE IN EI - NEM
LO - MIR A - LE A - LE IN EI - NEM A - LE FRI - LECH ZAIN
FREI - LECH ZAIN FREI - LECH ZAIN LO - MIR A - LE A - LE IN EI - NEM
FREI - LECH ZAIN FREI - LECH ZAIN LO MIR FREI - LECH ZAIN LA LA LA LA
LA LA LA LA LA LA LA LA LA LA LO - MIR FREI - LECH ZAIN
FREI - LECH ZAIN FREI - LECH ZAIN LO - MIR FREI - LECH ZAIN FREI - LECH ZAIN
FREI - LECH ZAIN LO - MIR FREI - LECH ZAIN

Lomir ale ale in einem (3)
Ale freilech zain,
Freilech zain (2)
Lomir ale, ale in einem
Freilech zain (2)
Lomir freilech zain (2)
La, la, etc.
Lomir freilech zain (2)
Freilech zain (2)
Lomir freilech zain.

לאָמיר אַלע אַלע אין אײנעם (3)
אַלע פריילעך זיין,
פריילעך זיין (2)
לאָמיר אַלע, אַלע אין אײנעם
פריילעך זיין (2)
לאָמיר פריילעך זיין, (2)
לאַ, לאַ, א. אַ. וו.
לאָמיר פריילעך זיין (2)
פריילעך זיין (2)
לאָמיר פריילעך זיין.

# Ma Yitron Le-Adam — מָה יִתְרוֹן לְאָדָם

הַמִּלִּים: קוֹהֶלֶת – מַנְגִּינָה: שֶׁל הַמּוּסָרְנִיקְס




Ma yitron le-adam bechol
a'malo
Sheya-a-mol tachat
hashemesh (2)
Tachat hashemesh ein yitron
ein yitron
Aval lemala lemala min
hashemesh } 2
Yesh yesh yitron.

מַה יִתְרוֹן לְאָדָם בְּכָל עֲמָלוֹ
שֶׁיַּעֲמֹל תַּחַת הַשָּׁמֶשׁ? (2)
תַּחַת הַשֶּׁמֶשׁ אֵין יִתְרוֹן
אֵין יִתְרוֹן
אֲבָל לְמַעְלָה, לְמַעְלָה
מִן הַשֶּׁמֶשׁ } 2
יֵשׁ, יֵשׁ יִתְרוֹן.

# Kol Rino

# קוֹל רִנָּה

הַמִּלִּים: תְּהִלִּים קי"ח – הַמַּנְגִּינָה: עֲמָמִית

Kol rino vishuo
Beoholei tzadikim } 2
Yemin, yemin, yemin adonoy
oso choyil (4).

קוֹל רִנָּה וִישׁוּעָה
בְּאָהֳלֵי צַדִּיקִים } 2
יְמִין ה' עֹשָׂה חָיִל (4)

# Yevorech Es Beis Yisroel

# יְבָרֵךְ אֶת בֵּית יִשְׂרָאֵל

מִלִּים: תְּהִלִּים קט״א – מַנְגִּינָה חֲסִידִית




Yevorech es beis Isroel
Yevorech es beis Aaharon
Yevorech yirei Adonoy
Haktanim im hagdolim
Yosef Adonoy aleichem,
Aleichem ve'al b'neichem.
Bruchim atem ladonoy
Osei shomayim vo-oretz.

יְבָרֵךְ אֶת בֵּית יִשְׂרָאֵל
יְבָרֵךְ אֶת בֵּית אַהֲרֹן
יְבָרֵךְ יִרְאֵי ה׳
הַקְּטַנִּים עִם הַגְּדוֹלִים.
יוֹסֵף ה׳ עֲלֵיכֶם,
עֲלֵיכֶם וְעַל בְּנֵיכֶם.
בְּרוּכִים אַתֶּם לַה׳
עֹשֵׂה שָׁמַיִם וָאָרֶץ.

# Im Baarazim

# אִם בָּאֲרָזִים

הַמִּלִּים: מוֹעֵד קָטָן כ"ה – מַנְגִּינָה עֲמָמִית




Im ba-a-razim nafla shalhevet
Ma yagidu azovei hakir?
La, la, etc.

אִם בָּאֲרָזִים נָפְלָה שַׁלְהֶבֶת
מַה יַּגִּידוּ אֲזוֹבֵי הַקִּיר?
לָ, לָ. . . .

# Kol Dodi

# קוֹל דוֹדִי

הַמִּלִּים: שִׁיר־הַשִּׁירִים – מַנְגִּינָה עֲמָמִית




Kol dodi, kol dodi! }
Kol dodi, hine ze ba! } 2
Medaleg al heharim, }
Mekapetz al hagvaot. } 2

קוֹל דוֹדִי! קוֹל דוֹדִי! }
קוֹל דוֹדִי הִנֵּה זֶה בָּא! } 2
מְדַלֵּג עַל הֶהָרִים, }
מְקַפֵּץ עַל הַגְּבָעוֹת. } 2

## Nigun Bialik ניגון ביאליק




## Nigun 1 ניגון 1



## Nigun 6 ניגון 6




## Nigun 7 ניגון 7

CON BRIO

LA LA LA etc

I

II

FINE

I II

D.C.
AL
FINE

## Nigun 8 ניגון 8




## Nigun 9 ניגון 9



## Nigun 10   ניגון 10




## Nigun 11   ניגון 11



# A Lid Tzu Der Yiddisher Shul

# א ליד צו דער יידישער שול

ווערטער: נחום י. — מוזיק: ש. וויינער




Lomir zingen (3)
A lid tzu der Yiddisher shul
Vos is alemen (3)
Undz azoi tayer.
Lomir zingen mit freid
Un mit hofenung ful } 2
Oif a velt a bafrayter. a nayer.

לאָמיר זינגען (3)
אַ ליד צו דער יידישער שול
וואָס איז אַלעמען (3)
אונדז אַזוי טייער.
לאָמיר זינגען מיט פרייד
און מיט האָפענונג פול } 2
אויף אַ וועלט אַ באַפרייטער, אַ נייער.

Lomir lernen (3)
Fun di velche hobn geboit
Un in kamf (3)
Zayer mut nit farlorn.
Lomir trogn dem gaist,
Vos men hot undz fartroit } 2
Shoin fun toiznter, toiznter yorn.

לאָמיר לערנען (3)
פון די וועלכע האָבן געבויט
און אין קאַמף (3)
זייער מוט ניט פאַרלאָרן.
לאָמיר טראָגן דעם גייסט,
וואָס מען האָט אונדז פאַרטרויט } 2
שוין פון טויזנטער, טויזנטער יאָרן.

# Yugnt Hymn

# יוגנט הימן

ווערטער: ש. קאַטשערגינסקי — מוזיק: בתיה רובין




Undzer lid iz ful mit troyer,
Dreist iz undzer munter gang,
Chotch der soine vart baim toyer,
Shturemt yugnt mit gezang.

Yung iz yeder, yeder, yeder
Ver es vil nor,
Yorn hobn kain badait,
Alte kenen, kenen, kenen
Oich zain kinder
Fun der nayer, frayer tzait.

Ver es voglt um oif vegn
Ver mit dreistkeit shtelt zain fus,
Brengt di yugnt im antkegn
Funem getto a gerus.

Yung iz yeder . . .

Mir gedenken ale sonim,
Mir gedenken ale fraint,
Eibik veln mir dermonen
Undzer nechtn mitn haint.

Yung iz yeder . . .

אונדזער ליד איז פול מיט טרויער,
דרייסט איז אונדזער מונטער גאַנג.
כאָטש דער שונא וואַרט ביים טויער,
שטורעמט יוגנט מיט געזאַנג.

יונג איז יעדער, יעדער, יעדער
ווער עס וויל נאָר,
יאָרן האָבן קיין באַדייט,
אַלטע קענען, קענען, קענען
אויך זיין קינדער
פון דער נייער, פרייער צייט.

ווער עס וואָגלט אום אויף וועגן
ווער מיט דרייסטקייט שטעלט זיין פוס,
ברענגט די יוגנט אים אַנטקעגן
פונעם געטאָ אַ גערוס.

יונג איז יעדער . . . .

מיר געדענקען אַלע שונאים,
מיר געדענקען אַלע פריינט,
אייביק וועלן מיר דערמאָנען
אונדזער נעכטן מיטן היינט.

יונג איז יעדער . . . .

# Marsh Lid

# מאַרש ליד

ווערטער: מ. בראָדערזאָן — מוזיק י. גלאַדשטיין




Eins un tzvei un drai un fir
Vos mir zainen, zainen mir,
Chotch mir zainen yung un klein
Vi di heldn darf men gein.

A fisl iber a fisl
Un shtaifer, shtaifer a bisl,
Shpan, shpan shtoltz un zicher
Di keplech hecher, hecher!

Finf un zeks un zibn un acht,
Nit geveint un nit gelacht,
Nit geshtanen, nor nit shtein,
Vi di heldn darf men gein.

A fisl, etc.

איינס און צוויי און דריי און פיר
וואָס מיר זיינען, זיינען מיר,
כאָטש מיר זיינען יונג און קליין
ווי די העלדן דאַרף מען גיין.

אַ פיסל איבער אַ פיסל
און שטייפער, שטייפער אַ ביסל,
שפּאַן, שפּאַן, שטאָלץ און זיכער
די קעפּלעך העכער, העכער!

פינף און זעקס און זיבן און אַכט,
ניט געוויינט און ניט געלאַכט,
ניט געשטאַנען, נאָר ניט שטיין,
וויד די העלדן דאַרף מען גיין.

אַ פיסל, א. אַ. וו.

# Mir Kumen On — מיר קומען אָן

ווערטער: ש. צעסלער — מוזיק: ה. וואלאוויץ

MARZIALE
MIR KU - MEN ON MIR KU - MEN ON —— MIR SHPA-NEN
FREI —— LECH UN MAR – SHI —— RN HOICH FLA-TERT UN – DZER
HE- LE FON —— DI FON FUN LER —— NEN UN SHTU-DI- RN
UN RIT- MISH KLAP KLAP KLA-PN TRIT IN GANG —— UN HIL-CHIK
KLING KLING KLING KLINGT UN-ZER GE- ZANG MARSHIRT IN REI MAR–
SHIRT IN REI —— DI YUN-GE SHUL DI SHUL AR– MEI ——
MAR-SHIRT IN REI MAR- SHIRT IN REI —— DI YUN-GE SHUL DI
SHUL AR – MEI —— CODA MIR KU-MEN ON —— MIR KU MEN ON
—— MIR KU-MEN ON —— MIR KU-MEN ON ——

Mir kumen on, mir kumen on,
Mir shpanen freilech un marshirn,
Hoich flatert undzer hele fon,
Di fon fun lernen un shtudirn.

Un ritmish klapn trit in gang,
Un hilchik klingt undzer gezang,
S'marshirt in rei, marshirt in rei } 2
Di yunge shul—di shul armei. }

Mir kumen on, mit heler freid
Mir trogn gloibn, mut un hofn,
Es tzit forois di shiler keit
Fun mizrach, mairiv, dorem, tzofn.

Un ritmish . . . .

מיר קומען אָן, מיר קומען אָן,
מיר שפּאַנען פריילעך און מאַרשירן.
הויך פלאַטערט אונדזער העלע פאָן,
די פאָן פון לערנען און שטודירן.

און ריטמיש קלאַפּן טריט אין גאַנג,
און הילכיק קלינגט אונדזער געזאַנג,
ס'מאַרשירט אין ריי, מאַרשירט אין ריי } 2
די יונגע שול — די שול אַרמיי. }

מיר קומען אָן מיט העלער פרייד,
מיר טראָגן גלויבן, מוט און האָפן.
עס ציט פאַראויס די שילער קייט
פון מזרח, מערב, דרום, צפון.

און ריטמיש . . . .

# Fun Gantzn Hartzn פון גאנצן הארצן

ווערטער ש. צעסלער — מוזיק: ש. בוגאָטש




Fun gantzn hartzn kinderlech
Main lid aich a geshank
Di velt iz azoi vunderlech
Mit kindershn gezang.

Mit sheine lider kumen mir
Mit hofenung un glik.
Di velt iz yung, di velt iz shein
Der friling kumt tzurik. 2

Es klingen lider kindershe
Un altz arum zingt mit,
Fun gantzn hartzn, kinderlech
A zung geton dos lid.

פון גאַנצן האַרצן קינדערלעך
מיין ליד אייך אַ געשאַנק,
די וועלט איז אַזוי וואונדערלעך
מיט קינדערשן געזאַנג.

מיט שיינע לידער קומען מיר,
מיט האָפענונג און גליק.
די וועלט איז יונג, די וועלט איז שיין
דער פרילינג קומט צוריק. 2

עס קלינגען לידער קינדערשע
און אַלץ אַרום זינגט מיט,
פון גאַנצן האַרצן קינדערלעך
אַ זונג געטאָן דאָס ליד.

# Drai Yingelech — דריי יינגלעך

ווערטער: י. גרינבערג — מוזיק: מ. געלבאַרט




Di mame hot drei yingelech
Drai yingelech gehat,
Mit veiche, roite bekelech
Vi tzarter samet glat.
Hot eins geheisn Berele,
Dos tzveite Chaayim Shmerele,
Dos drite hot geheisn —
Men zol im koifn shich.
Ich hob aich opgenart
Ich hob gevust ir vart,
Dos drite kleine yingele,
Dos drite, dos bin ich.

Di mame hot drai niselech
Fun dem yarid gebracht,
Drai gute fete niselech,
Drai niselech a pracht.
Iz eins geven far Berelen,
Un eins far Chayim Shmerelen,
Un gor dos beste nisl
Hot zi gelost far zich.

די מאַמע האָט דריי יינגעלעך
דריי יינגעלעך געהאַט,
מיט ווייכע, רויטע בעקעלעך
ווי צאַרטער סאַמעט גלאַט.
האָט איינס געהייסן בערעלע,
דאָס צווייטע — חיים שמערעלע,
דאָס דריטע האָט געהייסן —
מען זאָל אים קויפן שיך.
איך האָב אייך אָפּגענאַרט
איך האָב געוואוסט איר וואָרט,
דאָס דריטע קליינע יינגעלע,
דאָס דריטע, דאָס בין איך.

די מאַמע האָט דריי ניסעלעך
פון דעם יאַריד געבראַכט,
דריי גוטע, פעטע ניסעלעך,
דריי ניסעלעך אַ פּראַכט.
איז איינס געווען פאַר בערעלען,
און איינס פאַר חיים שמערעלען,
און גאָר דאָס בעסטע ניסל
האָט זי געלאָזט פאַר זיך.

Ir vundert zich a bisl
Farvos nit mir a nisl?
Vail Nisn, Nisn, Nisele,
Vail Nisn, dos bin ich.

איר וואונדערט זיך אַ ביסל
פאַרוואָס ניט מיר אַ ניסל ?
ווייל ניסן, ניסן, ניסעלע,
ווייל ניסן, דאָס בין איך.

## A Fidler — א פידלער

ווערטער : ש. צעסלער — מוזיק : ה. וואלאוויץ




S'hot der tate fun yaridl
Mir gebracht a naye fidl,
Do re, mi, fa, sol, la, si, } 2
Shpil ich tidl, di, di, di.

Ch'halt dos kepl ongeboign
Un farglotz di beyde oign,
Do re, mi, fa, sol, la, si, } 2
Shpil ich tidl, di, di, di.

Rechtn fus forois a bisl
Klap dem takt tzu mitn fisl,
Do re, mi, fa, sol, la, si, } 2
Shpil ich tidl, di, di, di.

Kvelt un vundert zich di mame
Kenst doch azoi gut di game,
Do re, mi, fa, sol, la, si, } 2
Shpil ich tidl, di, di, di.

ס'האָט דער טאַטע פון יאַרידל
מיר געבראַכט אַ נייע פידל,
דאָ, רע, מי, פאַ, סאָל, לאַ, סי, } 2
שפּיל איך טידל, די, די די.

כ'האַלט דאָס קעפּל אָנגעבויגן
און פאַרגלאָץ די ביידע אויגן
דאָ, רע, מי, פאַ, סאָל, לאַ, סי, } 2
שפּיל איך טידל, די, די די.

רעכטן פוס פאַראויס אַ ביסל
קלאַפּט דעם טאַקט צו מיטן פיסל,
דאָ, רע, מי, פאַ, סאָל, לאַ, סי, } 2
שפּיל איך טידל, די, די די.

קוועלט און וואונדערט זיך די מאַמע
קענסט דאָך אַזוי גוט די גאַמע,
דאָ, רע, מי, פאַ, סאָל, לאַ, סי, } 2
שפּיל איך טידל, די, די די.

# In An Orem Shtibele אין אן אָרעם שטיבעלע

ווערטער : מ. קאַרמאַן — מוזיק : מ. געלבאַרט

CON MOTO

IN AN O- REM SHTI-BE-LE O- VNT TZAIT BAIM KOI-MEN SHPINT A LI-BE
MU-TER DORT- FAR DEM KIND IRS TROI-MEN SHPINT A LI-BE MU-TER DORT
FAR DEM KIND IRS TROI-MEN ZINGT ZI AM A LI-DE-LE PATCHT ER
MIT DI HENT-LECH ZINGT DOS GAN-TZE SHTI-BE-LE — ZIN-GEN MIT DI
VENT-LECH ZINGT DOS GAN-TZE SHTI-BE-LE — ZIN-GEN MIT DI VENT-LECH
PA-TCHE PA-TCHE KI-CHE-LECH OI-TZE-RL MAIN KLEI-NER
PA-PET KOI-FN SHI-CHE-LECH MA-MET KOI-FN ZEK-LECH
PA-PET KOI-FN SHI-CHE-LECH OI-TZE-RL MAIN SHEI-NER
PA-PET KOI-FN FER-DE-LECH MA-MET ON TON GLEK-LECH

In an orem shtibele
Ovnt tzait baim koimen
Shpint a libe mame dort } 2
Far dem kind ire troimen. }
Zingt zi im a lidele,
Patcht er mit di hentlech,
Zingt dos gantze shtibele, } 2
Zingen mit di ventlech. }

Patche, patche, kichelech,
Oitzerl main kleiner,
Pape't koifn shichelech,
Zunele main sheiner,
Pape't koifn shichelech,
Mame't shtrikn zekelech,
Pape't koifn ferdelech,
Mame't onton glekelech.

אין אַן אָרעם שטיבעלע
אָוונט צייט ביים קוימען,
שפּינט אַ ליבע מאַמע דאָרט } 2
פאַר דעם קינד אירע טרוימען. }
זינגט זי פאַר אים אַ לידעלע,
פּאַטשט ער מיט די הענטלעך,
זינגט דאָס גאַנצע שטיבעלע, } 2
זינגען מיט די ווענטלעך. }

פּאַטשע, פּאַטשע, קיכעלעך,
אוצרל מיין קליינער,
פּאַפּע׳ט קויפן שיכעלעך,
זונעלע מיין שיינער.
פּאַפּע׳ט קויפן שיכעלעך,
מאַמע׳ט שטריקן זעקעלעך,
פּאַפּע׳ט קויפן פערדעלעך,
מאַמע׳ט אָנטאָן גלעקעלעך.

(המשך)

Ot azoi in shtibele
Hersht i glik, i freidn,
Zait bai zait mit oremkait } 2
Voint dort a Gan Eidn. }
Gresser iz di libe dort
Greser iber ales,
Shtarker iz di libe dort } 2
Shtarker vi der dales. }

Patche, patche, etc.

אָט אַזוי אין שטיבעלע
הערשט אי גליק, אי פריידן,
זייט ביי זייט מיט אָרעמקייט } 2
וואוינט דאָ אַ גן עדן. }
גרעסער איז די ליבע דאָרט.
גרעסער איבער אַלעס,
שטאַרקער איז די ליבע דאָרט, } 2
שטאַרקער ווי דער דלות. }

פּאַטשע, פּאַטשע, א.ז.וו.

## Frilling — פרילינג

ווערטער: מ. ריווערסמאַן — חסידישע מעלאָדיע




Kinder, kumt, der friling ruft,
Bloi der himl, klor di fuft,
Shmekn zis di frishe blumen,
Un di taichlech freilech
brumen —
Loift in frayen feld!
Hert, di foigelech zingen,
Flien hoich un klingen,
Helft zei, kinder, shpringen . . .
Lichtik iz Gots velt.

קינדער, קומט, דער פרילינג רופט,
בלוי דער הימל, קלאָר די לופט,
ס'שמעקן זיס די פרישע בלומען, —
און די טייכן פריילעך ברומען —
לויפט אין פרייען פעלד!
הערט די פויגעלעך זינגען,
פליען הויך און קלינגען,
העלפט זיי, קינדער, שפּרינגען...
ליכטיק אין גאָטס וועלט.

(המשך)

171

| | |
|---|---|
| Kinder! Itzt iz aier tzait,<br>S'iz der harbst shoin gornit vait,<br>Er macht gel di grine bleter,<br>Er brengt undz a shlechtn veter,<br>Regn on a sof.<br>Kinder! Ailt zich unter,<br>Zait zhe freilech, munter,<br>Vail der langer vinter<br>Varft oif altz a shlof. | קינדער! איצט איז אייער צייט,<br>ס'איז דער האַרבסט שוין גאָרניט<br>ווייט,<br>ער מאַכט געל די גרינע בלעטער,<br>ער ברענגט אונדז אַ שלעכטן וועטער,<br>רעגן אָן אַ סוף.<br>קינדער! איילט זיך אונטער,<br>זייט זשע פריילעך, מונטער,<br>ווייל דער לאַנגער ווינטער<br>וואַרפט אויף אַלץ אַ שלאָף. |

## Dos Feigele — דאס פייגעלע

ווערטער: ש. לאַנדינסקי — מוזיק: לעאָ ליאָוו




| | |
|---|---|
| Oif a shmolink shtegele,<br>Tzvishn grinem groz,<br>Shpringt a kleinink feigele,<br>Vunder shein iz dos,<br>La, la, la . . . .<br>Vunder shein iz dos. | אויף אַ שמאָלינק שטעגעלע,<br>צווישן גרינעם גראָז,<br>שפּרינגט אַ קליינינקע פייגעלע,<br>וואונדער שיין איז דאָס.<br>לאַ, לאַ, לאַ . . . .<br>וואונדער שיין איז דאָס. |

# Blumen

# בלומען

ווערטער : מ. בראָדערזאָן — מוזיק : י. גלאַדשטיין




Felder grinen, velder roishn!
Kumen mir mit fule koishn
Blumen on a shir.
Geyen mir arumgenumen
Un bakrantzt mit yunge blumen
In dem buntn tzir.

Zingen, shpringen mir un tantzn
Un fun glik di oign glantzn
Blumendik un rein.
Ver bakrantzt vil zain mit blumen
Zol tzu undz, tzu undz zol kumen,
Kumen zol tzugein.

Mirn opgebn in gantzn
Un in felder vaiter tantzn
Lozn vait zich gein.
Lozn gich zich gein geshvinder
Vail mir zainen ale kinder —
Blimelech alein!

Hey, ir brider, shvester, freilech
Vi Shulamis, Shloime Meilech
Kumt oif blum-shpatzir.
Felder grinen, velder roishn,
Geyen mir mit fule koishn.
Blumen on a shir.

פעלדער גרינען, וועלדער רוישן !
קומען מיר מיט פולע קוישן
בלומען אָן אַ שיעור.
גייען מיר אַרומגענומען
און באַקראַנצט מיט יונגע בלומען
אין דעם בונטן ציר.

זינגען, שפרינגען מיר און טאַנצן
און פון גליק די אויגן גלאַנצן
בלומענדיק און ריין.
ווער באַקראַנצט וויל זיין מיט בלומען
זאָל צו אונדז, צו אונדז זאָל קומען,
קומען זאָל צוגיין.

מ׳רן אָפּגעבן אין גאַנצן
און אין פעלדער ווייטער טאַנצן
לאָזן ווייט זיך גיין.
לאָזן גיך זיך גיין געשווינדער
ווייל מיר זיינע אַלע קינדער —
בלימעלעך אַליין !

העי, איר ברידער, שוועסטער, פריילעך,
ווי שולמית, שלמה מלך,
קומט אויף בלום־שפּאַציר.
פעלדער גרינען, וועלדער רוישן,
גייען מיר מיט פולע קוישן.
בלומען אָן אַ שיעור.

# Grezelech Blien

# גרעזעלעך בליען

װערטער: י. פיכמאַן — מוזיק: י. ענגל




Di grezelech blien
In vald ale glaich —
A kind meg zain freilech
Tzi orem, tzi raich.

די גרעזעלעך בליען
אין װאַלד אַלע גלייך —
אַ קינד מעג זיין פריילעך
צי אָרעם צי רייך.

Mir ober zainen
Noch kinderlech klein;
Undz past noch zain freilech
Un tantzn gein.
Trai, lai, lai, etc.

מיר אָבער זיינען
נאָך קינדערלעך קליין;
אונדז פּאַסט נאָך זיין פריילעך
און טאַנצן גיין.
טריי, ליי, א. אַ. װ.

Voil dem vos farmogt nor
A hartz gut un frum
Un oign vos kukn
Oif keinem nit krum.

װאויל דעם, װאָס פאַרמאָגט נאָר
אַ האַרץ גוט און פרום
און אויגן װאָס קוקן
אויף קיינעם ניט קרום.

Mir ober . . . .

מיר אָבער . . . .

Di zun shikt undz ale
Ir broche, ir shain,
Tzi darf men den giter
Oif gliklech tzu zain?

די זון שיקט אונדז אַלע
איר ברכה, איר שיין,
צי דאַרף מען דען גיטער
אויף גליקלעך צו זיין?

Mir ober . . . .

מיר אָבער . . . .

Undz past zich noch dreyen
Rod ois un rod ain
Az voil iz undz Yiddishe
Kinder tzu zain.

און פּאַסט זיך נאָך דרייען
ראָד אויס און ראָד איין
אַז װאויל איז אונדז יידישע
קינדער צו זיין.

# Taibelech

# טייבעלעך

ווערטער: מ. בראָדערזאָן — מוזיק: ש. בוגאַטש

ALLEGRETTO

I- FLI- EN FLI- EN TAI- BE- LECH VAI- SE VAI- SE HAI- BE- LECH
II- UN DER NOCH GE- LA- SE- NE MID VI NOCH A CHA- SE- NE
FLI - EN IN DER HOICH TZU DEM VOL- K'NS ROICH UN IN HI - ML
KU - MEN ZEI VI GEST YE- DE- RE IN NEST ZE - YER HEIM IS
BO - DN ZICH MIT DER BLOI-KAIT LO - DN ZICH TU - KN ZICH IN
FRA - YE VELT HI - ML IS DER TRA-YER TZELT KVELT DI VELT UN
LICHT IN DEM GOLD GE- DICHT FLI - EN FLI - EN TAI - BE - LECH
RUFT RUFT TZU FRA - YE LUFT
MANS - BI - L'N UN VAI - BE- LECH UN MAIN OIG BAG - LEIT
TOI - BN KIND UN KEIT

Flien, flien taibelech,
Vaise, vaise haibelech,
Flien in der hoich!
Tzu dem volkns roich!

Un in himl bodn zich,
Mit der bloikait lodn zich,
Tukn zich in licht
In dem gold gedicht.

Un dernoch gelasene
Mid vi noch a chasene
Kumen zei vi gest
Yedere in nest.

Zeyer heim iz fraye velt
Himl iz der trayer tzelt
Kvelt di velt un ruft
Ruft di fraye luft!

Flien, flien taibelech
Mansbiln un vaibelech
Un main oig bagleit
Toibn, kind un keit.

פליען, פליען טייבעלעך,
ווייסע, ווייסע הייבעלעך,
פליען אין דער הויך!
צו דעם וואָלקנס רויך!

און אין הימל באָדן זיך,
מיט דער בלויקייט לאָדן זיך,
טוקן זיך אין ליכט
אין דעם גאָלד געדיכט.

און דערנאָך געלאַסענע
מיד ווי נאָך אַ חתונה
קומען זיי ווי געסט
יעדערע אין נעסט.

זייער היים איז פרייע וועלט
הימל איז דער טרייער צעלט
קוועלט די וועלט און רופט
רופט די פרייע לופט!

פליען, פליען טייבעלעך
מאַנסבילן און ווייבעלעך
און מיין אויג באַגלייט
טויבן, קינד און קייט.

# A Maisele

# א מעשהלע

ווערטער: ב. י. ביאַליסטאָצקי — מוזיק: מ. געלבאַרט

IN HI—— ML SHVIMT A VOL KN DL A VOL- KN DL — ON
RU Yo — VOL-KN-DL NIT — VOL-KN DL DOS IS DOCH BLOIZ A-
MAI- SE- LE A TZI - GE- LE A— VAI- SE - LE DOS
VOL - KN- DL BIS- TU A TU A
D.C. THEN TIMES CODA
CODA VOL - KN - DL A RE- GN-DL O MACH DI OI - GN
TZU NIT VOL - KN-DL NIT RE-GN-DL NIT ZAN-GE-LE
NIT MIL-CHE-LE NIT TZI- GE- LE NIT- VAI - SE- LE MAIN
MEI -DE- LE BIS- TU NIT TU

In himl shvimt a volkndl,
A volkndl on ru . . .
Yo volkndl, nit volkndl.
Dos iz doch bloiz a maisele —
A tzigele, a vaisele, } 2
Dos volkndl bistu. }

Fun himl falt a regndl,
Es macht der tog zich tzu.
Yo regndl, nit regndl,
Dos iz doch bloiz a maisele —
A tzigele, a vaisele, } 2
Dos regndl bistu. }

Es shloft in feld a zangele
A zangele, liu, liu.
Yo zangele, nit zangele,
Dos iz doch bloiz a maisele —
A tzigele, a vaisele, } 2
Dos zangele bistu. }

אין הימל שווימט אַ וואָלקנדל,
אַ וואָלקנדל אָן רו...
יאָ וואָלקנדל, ניט וואָלקנדל.
דאָס איז דאָך בלויז אַ מעשהלע —
אַ ציגעלע, אַ ווייסעלע, } 2
דאָס וואָלקנדל ביסטו. }

פון הימל פאַלט אַ רעגנדל,
עס מאַכט דער טאָג זיך צו.
יאָ רעגנדל, ניט רעגנדל,
דאָס איז דאָך בלויז אַ מעשהלע —
אַ ציגעלע, אַ ווייסעלע, } 2
דאָס רעגנדל ביסטו. }

עס שלאָפט אין פעלד אַ זאַנגעלע
אַ זאַנגעלע, ליו, ליו.
יאָ זאַנגעלע, ניט זאַנגעלע,
דאָס איז דאָך בלויז אַ מעשהלע —
אַ ציגעלע, אַ ווייסעלע, } 2
דאָס זאַנגעלע ביסטו. }

(המשך)

A mil, a mil, a milchele —
Un fliglen fir, zhu, zhu . . .
Yo milchele, nit milchele —
Dos iz doch bloiz a maisele
A tzigele, a vaisele,
Dos milchele bistu
A volkndl, a regndl,
O, mach di oign tzu.

אַ מיל, אַ מיל, אַ מילכעלע —
און פליגלען פיר, זשו, זשו...
יאָ מילכעלע, ניט מילכעלע —
דאָס איז דאָך בלויז אַ מעשהלע
אַ ציגעלע, אַ ווייסעלע
דאָס מילכעלע ביסטו.
אַ וואָלקנדל, אַ רעגנדל,
אַ מאַך די אויגן צו.

## Vig Lid

## וויג ליד

ווערטער: י. ל. פרץ — מוזיק: לאַזאַר וויינער

ANDANTE

SHTEIT IN FELD A BEI - ME - LE HOT ES GRI - NE TZVAI-GE- LECH
ZITZT DA - ROIF A FEI - GE - LE MACHT ES TZU DI EI - GE - LECH
OIF DI GRI - NE TZVAI - GE - LECH VAKST A GOL - DN E - PE - LE MACH
TZU MAIN KIND DI EI - GE - LECH A BRO - CHE OIF DAIN KE - PE - LE
OIF DI GRI - NE TZVAI - GE - LECH SHLO - FN SHOIN DI FEI - GE - LECH
DI MA - ME ZINGT ZEI AH — AH - AH S'IS A SHTI - LE NACHT
AH — AH — AH AH — AH — AH —

Shteit in feld a beimele,
Hot es grine tzvaigelech,
Zitzt daroif a feigele,
Macht es tzu di eigelech.

Oif di grine tzvaigelech
Vakst a goldn epele,
Mach tzu, main kind, di eigelech,
A broche oif dain kepele.

Oif di grine tzvaigelech
Shlofn shoin di feigelech,
Di mame zingt zei ah, ah, ah,
S'iz a shtile nacht.

שטייט אין פעלד אַ ביימעלע,
האָט עס גרינע צווייגעלעך,
זיצט דאַרויף אַ פייגעלע,
מאַכט עס צו די אייגעלעך.

אויף די גרינע צווייגעלעך
וואַקסט אַ גאָלדן עפּעלע,
מאַך צו, מיין קינד, די אייגעלעך,
אַ ברכה אויף דיין קעפּעלע.

אויף די גרינע צווייגעלעך
שלאָפן שוין די פייגעלעך,
די מאַמע זינגט זיי אַ, אַ, אַ,
ס'איז אַ שטילע נאַכט.

